מ. דאביצל



# צו זאוואדישע טויערן

קינדער - פאַרלאַג

# צו זאַוואדישע טויערן

צווייטע פארברייטערטע אויסגאבע





קינדער־פארלאג
1934

רעדאַקטאָר — אי. גרינזייד.
צייכענונגען — א. גערבורט.
טעכנרעדאַקטאָר — אי. שישקאָ.
קאָררעקטאָר — ל. הילער.

Надруковано з матриць виготовлених в друкарні ім. Фрунзе
в Харкові.

Одобліт № 901. Уповнов. Головліту № 2504. Замов. 1031.
Здано до друку 15-IX 34 р. Підписано до друку 20-IX 34 р.
Тираж 3000. Папір 62x94 [illegible] друк. арк. Чергове вид. № 99.

Друкарня ім. Леніна, Одеса, Пушкінська, 18

# ווענ ס'ריידנ האַרמאַטנ

# דאָווידל קרומפיסעלע

(דער ערשטער פארוואָרלאָזטער)

## 1

די שטאָט איז געווענ א מוירעדיק־גרויסע, מיט אסאכ פלעצער אונ גערטנער, גאַסנ אונ געסלעכ, מערק אונ פאָרשטעט.

אונ שטיינערנע מויערנ זײַנענ אינ דערדאָזיקער שטאָט געווענ ניט איבערצוציילנ, אונ הילצערנע הײַזלעכ נאָכ מער.

אינ אַנ עק שטאָט, הינטער א צעבראָכענעמ פּאַרקנ, איז זיכ געזעסנ געטוליעט צו דער ערד א נידעריק הילצערנ הײַזל.

זיצט דאָס הײַזל אינ עק שטאָט שוינ יאָרנלאַנג, אונ אינ הײַזל יענעמ לעבט זיכ שטיל אונ פאַרהאָרעוועט שלוימע „פּאַמעלעכ“.

„פּאַמעלעכ“ האָבנ אימ די ארומיקע שכײנימ גערופנ דערפאַר, ווײַל אַלצ האָט ער געטאָנ לאַנגזאַמ אונ באַטראַכט, שטיל אונ פּאַמעלעכ. טרעפט אמאָל, אז די טיר אינ הײַזל עפנט זיכ לאַנגזאַמ אונ מארודנע, אונ קיינ מענטשנ אונ דעמ ארײַנגעקומענעמ זעט מענ ניט גאַנצע פינפ מינוט, ווייסנ שוינ אלע שטוביקע—דאָס גייט „פּאַמעלעכ“.

דערפאַר פלעגט דאָס ווײַב זײַנס דורכ דער נידעריקער טיר ניט ארײַנגיינ, ווי אַלע אנדערע מענטשנ, נאָר גיכ־גיכ זיכ ארײַנקײַקלענ, נאָכ גיכער אונ פלינקער מאַכנ מיט אירע קורצע הענט, אונ דאָס מויל פלעגט בא איר שטענדיק מאָלנ ווערטער, ווי א ווינטמיל—אָפּגעשניטענעמ קאָרנ.

האָבנ די ארומיקע שכײנימ שלוימעס ווײַב גערופנ—פעסיע די „גיכע“, ווײַל אלצ האָט זי געטאָנ גיכ אונ אינ אײַלעניש, אזוי ווי דאָס שטיבל זײַערס וואָלט פונ אלע זײַטנ געברענט...

א סאָפ־זומערדיקער טאָג איז דאָס געווענ. פעסיע איז פונדערפרי אוועק אינ מאַרק אונ נאָכ ניט געקומענ צוריק. שלוימע איז געשטאַנענ באַמ גרויסנ

הילצערנעם וואַרשטאַט און געזעגנט. שלוימע האָט האַלט געהאַט זינגען איז טאַקט צו דער אַרבעט. שלעפּט ער אַזוי דעם גרויסן הובל איבער אַ גע־שטופּלטער ברעט, קריכט דער הובל שווער און פּאַמעלעך, באַגלייט דעם הובל־גאַנג שלוימע מיט אַ שטילן און אויסגעצויגענעם ניגון:

דאָרט אין וואַלד שטייט אַ ביימעלע
און די בלעטעלעך בליִען,
און בא מיר, אָרעם סטאָליערל,
טוט דאָס הערצעלע ציִען!..

פאַלן פון ביידע זייטן הובל הילצערנע סטרוזשקעלעך, דרייען זיך אין קריישלדיקע רעדלעך, וויקלען זיך צונויף אין דינינקע קלעצלעך, פינקלען מיט אַ זײַדענעם אָפּגלאַנץ און שושקען אַ טרוקענעם, הילצערנעם געזאַנג אין הײַזל.

ווערט פון געזאַנג אין הײַזל אומעטיק און טונקל.

הערט אויף שלוימע טרײַבן דעם הובל איבערן רוקן פון דער צעהויקערטער ברעט, טראָגט צו דעם הובל גאָר נאָענט צום מויל און בלאָזט פון די שפּאַלטן דעם הילצערנעם שטויב.

אָבער שטויב אין די שפּאַלטן פונעם אָפּגעטעמפּטן מעסער ליגט געדיכט און אײַנגעפּרעסט, וויל פונדאָרטן ניט אַרויס. ווערט שלוימעס מיעס בלאָזן הילצערנעם שטויב אין די שפּאַלטן פון גרויסן הובל, לייגט ער אים אָפּ אָן אַ זײַט. באַקוקט איצט פּאַמעלעך שלוימע די גרויסע זעגן און קליינע זעגע־לעך, די האַמערס און העק, די שרויפן און בויערס—באַקוקט דאָס גאַנצע געצײַג און טראַכט:

פעסיע איז גאַנצפרי אַוועק אין מאַרק און נאָך ניט געקומען... פעסיע איז ניט שולדיק... דער דערבאַרעמדיקער קרעמער גיט מער ניט אָפּ באָרג... בא די אַרומיקע שכיינים האָט שוין פעסיע אויך אָנגעליִען איבערן קאָפּ...

זיצט שלוימע פאַרכמורעט און רעדט צו זיך אַליין:

— ביזוואַנען איך וועל ניט פאַרטיק מאַכן די דובלט־פענצטער און טירן, וועט אויסקומען צו הונגערן.

און ווי ער רעדט אַזוי, עפנט זיך די טיר, פעסיע פאַלט אַרײַן אַ צעטראָ־גענע און שטאַמלט מיט בלייכע ליפּן:

— שלוימע האַרציקער, עס... עס... עס הערט זיך אין גאַס מיל—ל... מיל—ל... מילכאָמע!!

ווערט שלוימע בלייך ווי די וואַנט, און וויל באַווײַזן, אַז ער האָט זיך ניט דערשראָקן; הייבט ער אָן מיט ציטערנדיקע ציין איבערפרעגן:

— ווו מילכאָמע?.. ווען מילכאָמע? אַבי וואָס ווײַבער ריידן...

ווערט שוין פעסיע שטאַרק־שטאַרק אינקאַעס, טוט אויס אַפּגיך און אין איין אײַלעניש דאָס טיכל פון קאָפּ, הייבט אָן איבערמישן:

— ווו מילכאָמע?.. וועג מילכאָמע?.. ווײַבער ריידנ... גיי אינ גאָס ארויס, וועסטו אליינ זענ... אינ מאַרק איז כוישעכ... קיינ מעל אינ די קראָמענ איז שוינ ניטאָ... קיינער באָרגט קיינ לעבל ברויט ניט.

דעראַערט אזוינע רייד, טוט שלוימע אָנ פאמעלעכ זײַנ אייבערשט רעקל, גייט לאַנגזאַמ אונ מארודנע אוועק אינ גאַס. ווענ שלוימע איז שפעט נאָכ האַלבער נאַכט פונ שטאָט אינ הײַזל צוריק געקומענ, איז שוינ פעסיע די „גיכע" געלעגנ אינ בעט, געווענ פארוויקלט אינ ווײַסע לײַלעכער, געבעטנ איר עלטער־עלטער־באָבענ, יענע זאָל איר פונ יענער וועלט העלפנ געבוירנ... שלוימע האט פארגעסנ אָנ אלע שלעכטע אונ טומלדיקע נײַסנ, וואס ער האט זיכ אינ שטאָט אָנגעהערט, צופרידנ געהיבנ זײַנע גרויסע סטאָלירישע הענט אונ דער קראַנקער פעסיענ ארײַנגערעדט:

— אויב דו וועסט געבוירנ א יינגל, גיבנ מיר אימ א נאָמענ דאָווידל... אונ זאָל ער זיכ שרײַענ געזונטערהייט...

אונ אזוי האט געטראָפנ:

ווענ די דײַטשנ האבנ פלוצימ גענומענ שיסנ הינטער דער שטאָט פונ ביקסנ אונ הארמאטנ, פונ קוילנוואַרפער אונ אעראָפלאַנענ—פונקט דעמאָלט איז דאָווידל געבוירנ געוואָרנ. שלוימע „פאַמעלעכ" האט דאס ניט געקאָנט פארגעסנ אונ אלע שכיינימ דערציילט:

— מײַנ דאָווידל איז געבוירנ געוואָרנ מיטנ ערשטנ שאָס!

שרײַט דאָווידל וואס פונ טאָג אלצ העכער אונ העכער, אונ די דײַטשנ הינטער דער שטאָט שיסנ אלצ שטאַרקער אונ שטאַרקער. ווערט שלוימע אומרויִקער אונ שרעקעדיקער, ווערט די נידעריקע פעסיע פונ יעדנ הארמאַטנ־שאָס נידעריקער אונ צונויפגעדרייטער.

זיצנ זיי אינ די הארבסטיקע פארנאַכטנ בא דאָווידלס וויגעלע, קוקנ, ווי ער ווארפט זײַנע רויטינקע פיאַטקעלעכ הינ־אונ הער, עפנט אפ א רעגע אויגנשפעלטעלעכ אונ פארמאַכט זיי גלײַכ צוריק,—קוקנ זיי ביידע אפ דאָווידלענ, ביז שלוימע האַקט איבער די שטילקייט אונ קוקנ זייערנ:

— איכ האב געהערט, אז די דײַטשנ זיינענ פינפ מײַל פונ שטאָט...

ענטפערט פעסיע גיכ אונ דערשראָקנ:

— אונדזער הײַזל שטייט אפ הינערשע פיסלעכ... איינ גוטער שטויס פונ א געזונטנ סאָלדאַט — פאַלט עס אײַנ... ווער רעדט נאָכ א קויל פונ א הארמאַט...

ווערט זיי פונ די רייד אלצ שווערער אונ שרעקעדיקער. סונ דער אַנדערער זײַט הײַזל, אינ פינצטערנ דרויסנ, רײַסנ זיכ קוילנ בלינד אונ אָנ אופהער. טרייסלענ קלעפ פונ צעריסענע קוילנ די ווענט אונ דאַכ פונ הילצערנ הײַזלי. וויל פעסיע דאָווידלענ פארוויקלענ אינ א ווארעמער קאָלדרע, אימ ארופלייגנ גיכ אפ אירע קורצע מאַמישע הענט אונ אימ פאַרטראָגנ ווײַט־ווײַט, אינ צענטער שטאָט. דאָרט, אינ צענטער שטאָט, אינ א שווערנ שטיינערנעמ מויער ווינט פעסיעס א רײַכע קרויווע—דאָרטנ איז זיכערער.

דערזעט דאָס שלוימע, הייבט ער אָנ וואַרפנ זײַנע לאַנגע סטאָליערישע הענט אונ גיט פעסיען פאַמעלעכ צו פאַרשטיינ:

— אַלע מויערנ אינ צענטער שטאָט זײַנענ פאַרנומענ מיט רוסישע סאָל־דאַטנ אונ זייערע שטאַבנ... ווייס קיינער ניט, וויאַזוי אונ וויאַרום די דײַטשנ האָבנ זיכ דאָס דערוווּסט... אונ הײַנט באַנאַכט וואַרט מענ, זיי זאָלנ וואַרפנ באָמבעס אינ צענטער שטאָט.

דערהערט אַזוינע רייד, וויקלט פעסיע אויס דאָווידלענ פונ דער וואַרעמער קאָלדרע, פונ די לײַלעכער אונ האַנטעכער, לייגט אים צוריק אַרײַנ אינ ווײַ־סינקנ בעטעלע אונ שלאָפט אײַנ א מידע אונ דערשראָקענע...

דערזעט שלוימע, אַז פעסיע איז אײַנגעשלאָפנ, הייבט ער זיכ שטיל אופ פונ זײַנ אָרט אונ זיצנ אונ גייט אַפ די שפּיצ פינגער אַרויס אינ הויפ.

די נאַכט איז א שטאַרק פינצטערע. צוליב זיכערקייט, האָבנ אַלע שכנים אויסגעלאָשנ די לאָמפנ אונ פײַערנ אינ די הײַזער, איז פאַר דעם דרויסנ אונ פינצטערער נאַכט איינ פאַס ליכטיקייט ניט געבליבנ. שטייט שלוימע באַם שוועל פונ זײַנ הײַזל, הערט זיכ אײַנ, ווי פונ דער ווײַטער ווײַטקייט, פונ דער געדיכטער פינצטערניש אַרויס שלײַדערט ווער אַהער שטיקער בלײַ אָנ־געפילט מיט פולווער. יעדער קויל פליט בלינד. אונ אָנ א וועג, טרעפט וווּ, רײַסט זיכ אופ, צעשיט אונ צעוואַרפט איבער דערשראָקענע שלאָפלאָזע געס־לעכ הונדערטער אָפּהילכנ פונ טויט אונ צעשטערונג.

שטייט לאַנג שלוימע אינ דער שוואַרצער, אָנשטערנדיקער נאַכט, הערט זיכ אײַנ אינ די קלעפ פונ בלינדע קוילנ אונ רעדט אינ דער צעטומלטער פינצטערניש:

— א מאָדנע פאָלק אָט די דײַטשנ... שטייענ צענדליקער מײַלנ פונ שטאָט אונ שיסנ... אונ ווי וועט זײַנ, אַז איינע פונ די קוילנ וועט טרעפנ אינ מײַנ הײַזל?.. איכ האַלט דענ מיט זיי מילכאָמע?..

די נאַכט איז א שוואַרצע אונ שטומע—שטומט זי...

גייט שלוימע א מידער אונ דערשראָקענער שלאָפנ.

ציִענ זיכ האַרבסטיקע טעג, פלעכטנ זיכ אינ אומרויִקע וואָכנ. וואַקסנ כאַ־דאָשים שרעקעדיקע אינ צעשאָסענע. אַלע טאָג פאַרנעמענ די דײַטשנ די שטאָט אונ פאַרנעמענ זי ניט. אַלע טאָג פאַרטרײַבט מענ די דײַטשנ אַפ צענד־ליקער, הונדערטער מײַלנ אונ — מע פאַרטרײַבט זיי ניט...

האָט שלוימע אַזוי ניט באַמערקט אונ לאַנגזאַם זיכ צוגעוווינט צו די שטענדיקע קלעפ פונ בלינדע קוילנ, צום פליִענ פונ גאַנצע כאָפטעס אַעראָ־פלאַנענ איבער זײַנ קאָפ.

שפּאַנט שלוימע אַרום איבערנ הויפ מיט א פאַריסענעם קאָפ צו דער וואָלקנ־כמאַרע, קוקט מיט טשיקאַווע אויגנ, ווי די דײַטשישע אַעראָפלאַנענ פינקלענ אַפ דער זונ, לאָזנ זיכ אַראָפ גאָר־נאָר נידעריק צו דער ערד. אָט־אָט

[illegible] מערערשע [illegible] קאָם פֿון די עראָפּלאַנען זיך צעשלאָגן [illegible]
[illegible] קלאַנג פֿון [illegible] טריער.

קאָן פעסיע רירק נים צוזען, ווי שלוימע שפּאַנט אַרום מיט א פּאַריסענעם קאָפּ צו די דײַטשישע אַעראָפּלאַנען, רוקט זי אַרײַן איר קעפּל אין פענצטער און שרײַט איבערן גאַנצן הויף:

— שלוימע, שלוימע! גיי שוין אַרײַן אין שטוב. די דײַטשן וועלן נאָך, כאָלילע, א באָמבע אַראָפּוואַרפן.

לאַכט שלוימע:

— נאַרעלע, דאָס זיינען זיי דאָך אהער געקומען אויסקוקן מײַן דאַלעס, און נים וואַרפן קיין באָמבעס.

די דײַטשן האָבן זיך אין איינער א נאַכט אין שטאָט אַרײַנגעגאַנוועט. פעסיע האָט גראָד די נאַכט שטאַרק געכראָפּעט און אפּמאָרגן אַלע שכיינים דערציילט:

— זי האָט אַלץ געהערט... זאָל איר גאָט אַזוי געבן געזונט, ווי זי האָט אַלץ געהערט, נאָר זי האָט קיין טומל אין שטאָט נים געוואָלט אָנמאַכן...

אָבער, ווי ס'זאָל נים זײַן, איינס איז טאַקע עמעס:
ווען דאָווידל האָט זיך מיט אייגענע קויכעס אויסגעוויקלט פֿון די צוויי לאַנגע האַנטעכער, אין וועלכע פעסיע האָט אים פאַרוויקלט, און גענומען שרײַען אַף זײַן לאָשן „עסן", זיינען שוין אַף די ווינקלען שטאָט געשטאַנען עטלעכע דײַטשן און פאַנאַנדערגעפּרעגט, ווו מע קאָן דאָ אָנטרינקען זייערע דאָרשטיקע פערד.

2

פֿון יענער נאַכט און ווײַטער האָט שוין די שטאָט געהערט צו די דײַטשן.

שלוימע האָט איצט אָנשטאָט ראַמען און טירן, טירן און דילן צו נײַגעבויטע מויערן און הײַזער, פאַריכט שטולן און טישן, טישן און אַלמערס, אַלמערס און קאַמאָדן.

אין שטאָט האָבן די דײַטשן אין איינעם א פרימאָרגן אויסגעקלעפּט אַזאַ מין פאַראָרדענונג:

---

## די דײַטשישע קאָמענדאַנטור פאָדערט אַלע באַלמעלאָכעס:

שוסטער,
שנײַדער,
שמידן,
סטאָליערס —
קומען מיט זייער געצײַג אין קאָמענדאַנטור.

---

האָט מען די פֿאָרערונג בעלייענט און איבערגעלייענט, אַז אויפֿגעקלונגען אַ קלאַנג אין שטאָט: די דײַטשן פֿאָדערן אַף צוואַנג־אַרבעט.

הענגט זיך די פֿאַראָרדענונג טעג און וואָכן, הענגט אַף סלופּעס פֿון מאָרגן אַף ווענט פֿון מויערן.

שלוימע שטייט באַ זיך אין הײַזל, הובלט׳ פֿון פֿאַרטאָג ביז שפּעטער נאַכט הויקערדיקע ברעטער, קאָכט אַף אַ גרויסן פֿײַער קלעפּיקן קליי און הערט איינע און דיזעלבע רייד:

— ער וועט ניט אוועקוואַרפֿן זײַן ווײַב, פּעסיען, און זײַן אָט־ערשט געבוירענעם דאָווידלען און וועט ניט גיין אין דער קאָמענדאַנטור אַרײַן.

דאָווידל ליגט אין דעם נײַינקן וויגעלע. דאָס וויגעלע איז אַ ווײַסינקס און קליינינקס. דאָווידל איז אַ רויטינקער און שרײַענדיקער.

לאַכט פֿון אים שלוימע:

— אַזאַ גרויסער באָכער, שוין גאַנצע דרײַ באַדאָשים, און ווייס נאָר אײַן אַרבעט — שרײַען, עסן און שלאָפֿן...

זעלטן־ווען עפֿנט דאָווידל אויף שמאָלינקע אויגנשפּעלטעלעך. אָט דעמאָלט הייבט אויף פּעסיע אַ הויכן און קלינגענדיקן געשריי, דרייט זיך אַרום אַף איין אָרט, פּאַטשט מיט אירע קורצע הענט און רופֿט איבערן גאַנצן הײַזל:

— שלוימע, שלוימע! גיב אַ קוק, ס׳אַראַ שיינע אייגעלעך אונדזער דאָווידל האָט!..

שלוימע לאָזט ליגן די ברעטער, דעם הובל, די זעג און לויפֿט אין איין אײַלעניש צום קינדס וויגעלע. נאָר איידער שלוימע „פֿאַמעלעך" דערלויפֿט צום קינדס וויגעלע, האָט שוין דאָווידל צוריק פֿאַרמאַכט זײַנע שמאָלינקע אויגנשפּעלטעלעך און שטאַרק אײַנגעשלאָפֿן. — אַזוי האָט שוין אַסאַך מאָל געטראָפֿן.

טרעפֿט אַמאָל, אַז שלוימע איז פּונקט צו דער צײַט דערלאָפֿן — דאָווידלס וויגעלע, אים אַרײַנגענומען אין זײַנע גרויסע סטאָליערשע הענט, שווער און בעריש גענומען מיט אים טאַנצן. פּונקט דעמאָלט עפֿנט זיך די טיר, אין הײַזל רײַסן זיך אַרײַן פֿינף דײַטשישע סאָלדאַטן, אַלע הויכוווּקסיקע און שטאַרקע, אַלע אָנגעטאָן אין גראָע שינעלן און בלעכענע קאָסקעס אַף די קעפּ.

פֿאַרשטייט שוין שלוימע, ווער די דאָזיקע געסט זײַנען און נאָך וואָס זיי זײַנען צו אים אין שטיבל געקומען. לייגט שלוימע גיך דאָווידלען אין ווײַסן וויגעלע אַרײַן, דרייט זיך דערשראָקן אַף איין אָרט און בלײַבט שטיין אַ דערשראָקענער נעבן פּעסיען. טיילט זיך אָפּ איינער פֿון די פֿינף אַרײַנגעקומענע סאָלדאַטן, טרייסלט אָפּ פֿאַרשראָקענעם שלוימען פֿאַר קוועטשטע פֿויסטן און שרײַט ניט מיט קיין מענטשלעכן קול:

— פֿאַרפֿלוכטער ייִדל, וואָרום ביסטו צו דער באַשטימטער צײַט אין דער קאָמענדאַנטור ניט געקומען?!

אידער שלוימע האט צײַט געהאט דערציילנ, אז דאָווידל איז ניט לאַנג געבוירנ געוואָרנ, זײַנענ שוינ זײַנע זעגנ אונ האַמערס, האַמערס אונ שרויפנ, שרויפנ אונ בויערס—איז שוינ זײַנ גאַנצ געצײַג געלעגנ צוזאַמענגעוואָרפנ אינ אײנ גרויסנ זאַק.

פעסיע איז געשטאַנענ שטיל אונ ווי געליימט בײַם קינדס וויגעלע, געקוקט מיט פאַרשטיינערטע אויגנ, ווי די פינפ דײַטשישע סאָלדאַטנ רײַסנ דאס געצײַג פונ דער וואַנט אונ שלוימענ פונ שטיבל ארויס...

ווענ שלוימע האט זיכ שטיל אונ אָנ ווערטער געזעגנט מיטנ שלאָפנדיקנ דאָווידלענ אונ שוינ געשטאַנענ האַרט בײַ דער טיר גרייט אוועקגיינ—ערשט דעמאָלט איז פעסיע צו זיכ געקומענ, זיכ אָפּגעריסנ פונ איר פאַרגליווערטנ שטיינ, ארויס מיט א געוויינ:

— שלוימע האַרציקער!.. אפ וועמענ לאָזטו מיכ מיטנ קינד איבער?

סאָלדאַטישע הענט האבנ די שרײַענדיקע פעסיע פונ שלוימענ אָפּגעריסנ—שלוימענ פונ הײַזל אוועקגעפירט...

טעג אונ וואָכנ האט שלוימע געאַרבעט הינטער דער גרויסער שטאָט, געבוימ איינגעמ מיט נאָכ הונדערטער ווי ער, לאַנגע, געדרייטע שוצגראָבנס. דערנאָכ האט מענ אימ פאַרטריבנ אלצ ווײַטער אונ ווײַטער פונ זײַנ הילצערנ הײַזל, פונ פעסיענ אונ דאָווידלענ.

דאָווידלענ איז דאס זייער ווייניק, ער ליגט גאַנצע טעג אונ נעכט אינ דעמ ווײַסינקנ וויגעלע.

די מאַמע גיט עסנ—שווײַגט ער.

די מאַמע גיט ניט קײַנ עסנ—שרײַט ער.

די אייגעלעכ בײַ אימ זיינענ שוינ געוואָרנ גרעסער אונ ברייטער, די פיסעלעכ — לענגער אונ שטאַרקער. פעסיע האט ליב: דאָווידלענ פאַרוויקלענ אינ וויקעלעכ אונ טיכלעכ, אינ טיכלעכ אונ האנטעכער, האנטעכער אונ לײַלעכער.

— אז מע וויקלט א קינד אינ האַנטעכער אונ וויקעלעכ, וואַקסנ אויס גלײַכינקע פיסעלעכ,—אזוי זאָגט פעסיע...

אלע ווײַבער שאָקלענ מיט די קעפ אונ שטימענ צו:

— אוודאי אזוי—א קינד דארפ מענ וויקלענ...

אָבער דאָווידל האלט אַנדערש. דאָווידלענ איז פונ די טיכלעכ אונ האנטעכער, פונ די וויקעלעכ אונ לײַלעכער ענג אונ שלעכט. וואַרפט ער זיכ א צונויפגעדרייטער אונ געפּענטעטער אינ וויגעלע, שלעפּט ארויס מיט זײַנע קינדערשע קויכעס די הענטעלעכ אונ פיסעלעכ, וואַרפט מיט די רויטינקע פיאַטקעלעכ הינ־אונ־הער אונ שרײַט אנ אויסגעוויקלטער אונ אָפּגעדעקטער:—„עסנ“.

אזוי האט זיכ אוועקגעקײַקלט א יאָר א גאַנצס.

דאָווידל איז שוין פון ווינעלע אויסגעקראָכן. פריער, ווי א בלינד קעלצעלע, אָפּ אַלע פיר אַרומגעפּויזעט, געזוכט אין מויל אַלץ, וואָס אויף דער ערד איז געלעגן, דערנאָך איז ער פון דער ערד אין פון אַרומפּויזן אויפגעשטאַנען, אָנגעכאַפּט זיך אָן א נידעריק בענקל, גענומען רונד־אַרום בענקל אויף די אייגענע פיסעלעך אַרומגיין.

• פעסיע האט פאר דאָווידלען זייער ווייניק צייט געהאט. ביז שפּעט אין דורך נאַכט פלעגט זי שטיין בא א גרויסן אָנגעבּרענטן אויוון, וואַרפן אפּן פאַרשאַרטן זשאַר שטיקער טייג. דאס טייג איז געווען ניט שוואַרץ, ניט ווייס, אויסגעזען, ווי ווייכע שטיקער קיט אין א זומערדיקן טאָג. די קאָרענע זעמעלעך פלעגט פעסיע פאַרטאָג פון שטוב אַרויסטראָגן, א גאַנצן טאָג אַרומלויפן איבער מערק און גאַסן, איבער הויפן און הייזער און שרייען:

— פרישע זעמעלעך!.. זעמעלעך פון פאַרמילכאָמע־מעל!.. פון פאַרמילכאָמע־מעל!..

פון שלוימען זיינען קיין בריוו ניט געקומען. אין הייזל איז געוואָרן אַלץ קעלטער און הונגעריקער.

פעסיע איז שוין אויסגעווען אין אַלע שטאַבּן, אין פּאָטשט, אַנשטאַלטן, און אומעטום און אַלעמאָל באַקומען איינעם און דעמזעלבן ענטפער:

— בא אונדז איז אַזאַ ניט פאַרעגיסטרירט... מע דאַרף אויסוואַרטן ביז די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן...

די מילכאָמע האט זיך געצויגן טעג און וואָכן, וואָכן און כאָדאָשים, און קיין סאָף און קיין ברעג זעט מען ניט, הערט מען ניט...

אַלע טאָג פלעגט פעסיע אָנוואַרפן אף זיך איר אַלטן סאַק מיט די הויכע בופעס אין די אַרבל, גיך פאַרוויקלען די פאַטשיילע אפן קאָפּ און לויפן אין שטאָט הערן נייַעס, און אַלע טאָג פלעגט פעסיע קומען צוריק א פאַרכמאַרעטע און פאַרקלעמטע, זיך זעצן בא דאָווידלען, אים די געהערטע נייַעס איבערדערציילן.

דאָווידל פלעגט גלייַכגילטיק אויסהערן דער מאַמעס טייַנעס, פינקלען אף איר מיט זייַנע שוואַרצע אייגעלעך, און צום סאָף זיך פאַנאַנדערוויינען — „עסן".

3

ווען דאָווידל איז אַלט געוואָרן דריי יאָר, האבן שוין אַלע קלאָר און דייַטלעך געזען:

אייגעלעך זיינען בא אים שוואַרצינקע און פינקלדיקע, ווי בא א הונגעריק קעצעלע; האָר בלאָנדע און פאַרדרייטע אין קרייַזלעך. א נעזל — פאַריסן אַרויף. נאָר איינע פעלער האט דאָווידל פאַרמאָגט — קרומינקע פיסעלעך.

צווישן די הויפ־ייִנגלעך איז געווען איינער, דער עלטסטער — לייבקע בוזאַנע. אָט דער לייבקע בוזאַנע האט שטאַרק ליב געהאט צורופן צו זיך דאָווידלען, אים געבן א גרויסע שטיק כאַלע און איינריידן:

— דאָווידל, קום מאַכנ א מענטשעלע!..

ליבקע בוזאַנע פלעגט אפנ גרויסנ הויפ געפינענ אנ אָרט, ווו דער שניי איז טיפ, גוט, פוכיק־ווייכ, אויסציִענ דאָווידלענ אינ פוכיקנ שניי און שרײַענ צו די איבעריקע הויפ־יינגלעכ:

— זעט, ווי דאָווידל קרומפיסעלע האט געמאַכט א מענטשעלע!..

די הויפ־יינגלעכ פלעגנ פריילעכ פאטשנ מיט די הענט, וואַרפנ אפ אים שטיקער שניי, אים צוריק פונ טיפנ פוכיקנ שניי אופהייבנ, שרײַענ אלע מיטאַמאָל:

— א יאַט, דאָווידל, געמאַכט א מענטש.

איינמאָל ליגט זיכ אזוי דאָווידל אינ שניי, ליגט אויסגעצויגנ אינ זײַנ גאַנצער גרייס, — די הענט צעוואָרפנ אינ די זײַטנ, די פיס צעשפרייט און באַזונדער... ארום אים א גאַנצע הורדע יינגלעכ: גרויסע, קליינע, מיטעלע, און אלע לאכנ און אלע פרייענ זיכ, וואָס דאָווידל קרומפיסעלע מאַכט שנייִקע מענטשעלעכ. פלוצים לויפט אַפנ הויפ ארויס פעסיע, מאַכט מיט אירע קורצע הענט און שרײַט מיט איינ אָטעם:

— ווו איז דאָווידל? דאָווידל ווו איז?.. הינדיבורג איז דאָכ אינ שטאָט!..

די הויפ־יינגלעכ האבנ פלינק דאָווידלענ פונ שניי אופגעהויבנ, פונ אים דעם שניי אָפגערייניקט, צעלאָפנ אינ די ווינקלעכ, ווי ניט צו זיי האט דאָס...

— זע ווי דו זעסט אויס... ווו האסטו זיכ אזוי אינ שניי אויסגעקײַקלט?..

דאָווידל האט גענומענ דערציילנ דער צעטומלטער מאַמענ, אז ער האט „געמאַכט א מענטש".

פעסיע האט דאָווידלענ פארטראָגנ אינ שטוב, אים דאָרט פארוויקלט אינ דער וואַרעמער קאָלדרע. אינ צעטומלטער צעהיצטקייט זײַנ ענטפער וועגנ „געמאַכטנ מענטש" ניט געהערט, אלצ גערעדט און איבערגערעדט איינ־און־דיזעלבע נײַס: הינדענבורג איז דאָכ אינ שטאָט.

א צוואַנציקגראַדיקער פראָסט האט בלומענ און קווייטנ און הײַזער, הײַזער און טײַכנ, טײַכנ און וועלדער, וועלדער און ביימער געשפינט און געוועבט אפ דרויסיקע, פאַרפרוירענע שויבנ.

א זונ א לויטערע און א קאלטע האט פאַרפרוירענע זוניקע פאַסנ געשאָטנ אפ שויבנ און פענצטער, אפ גאַסנ און מענטשנ, געוואָלט דעם שטאַרקנ פראָסט לינדער מאַכנ, ניט געקאָנט.

פעסיע האט שווער אינ פארקעלטערטנ דרויסנ געאָטעמט, גיכ און אײַלנדיק געלאָפנ איבער סקריפענדיקע, פאַרפרוירענע געסלעכ, אלצ טיפער דאָווידלענ אינ דער וואַרעמער קאָלדרע געטוליעט.

פעסיע איז דורכגעלאָפנ די קרומע געסלעכ פונ פאָרשטאָט, ארויס אינ די הויפט־גאַסנ פונ שטאָט.

אינ צענטער שטאָט איז יאָנטעוו געווענ.

די בריטע גאַסן פון שטאָט זיינען געווען באַלאַגערט פון ריַיטער און פוסגייער. די ווענט און מויערן באַקלעפּט פון אויפרופן און אויפשריפטן.

פון עקן און פענצטער, פון גאַסן און געסלעך האָבן זיך צום גרויסן פּלאַץ געצויגן לאַנגע שערענגעס סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן אין די רייען האָבן אויסגעזען אַלע איין גרייס, איין הייך, געטראָגן איינע־און דיזעלבע העל־בלאָע שינעלן, היטלען מיט שמאָלע, בלאָע דעקן און רויטע אָקאָלעשן.

פעסיע האָט מיט דערשראָקענע אויגן געקוקט אפן יאָנטעוו, וואָס האָט זיך געשפּרייט און געגרייט דאָ...

יונגע אָפיצערן אין שפּיגל־גלאַנציקע שטיוול און ליַיקענע הענטשקעס זיינען אומגעפאָרן פון שערענגע צו שערענגע, וואָס איבערגעגעבן אָפגעריסן און קורץ, געווען בלייך און דערשראָקן.

פּלוצים האָט אן אָנזאָג זיך דורכגעקײַקלט פון די אָפיצערן צו די גליַיכע שערענגעס סאָלדאַטן, פון די סאָלדאַטן צו די ציווילע, אָפגעהילכט אין אָנגעשטרענגטער דערוואַרטעניש:

— דער פעלדמאַרשאַל גייט!

— דער פעלדמאַרשאַל הינדענבורג גייט!

פיר מיליטערישע אָרקעסטערס האָבן איינציַיטיק די מעשענע טרובעס צו די פאַרפרוירענע ליפּן צוגעטראָגן, און דרויסיקער קעלט דורך מעשענע טרובעס א מאַרש געבלאָזן.

פעלדמאַרשאַל הינדענבורג האָט פאַמעלעך געטראָטן איבערן פּאַראַד־פּלאַץ, ארומגערינגלט פון א גרויסער מאַכנע אָפיצערן, גענעראַלן, אַדיוטאַנטן.

פעסיע איז געשטאַנען בלייך און דערשראָקן. די וואַרעמע טוך איז איר פון קאָפּ אפ א זיַיט אראָפּגעפאַלן. א קאָפּ האָר צעשויבערט פון ווינט, פאַר'ייט פון קעלט, איז צעפאַלן אין וויַיסע הענגעלעך, אויסגעזען, ווי דינע שטיקלעך דראָט. פעסיע האָט אלץ פעסטער און שטיַיפער דאָווידלען צום בוזעם און וואַרעמקייט געדריקט, די אויגן אירע האָבן פון סיפ פון אונטער פאַרווייטע וויַעס געזוכט דעם דיַיטשישן פעלדמאַרשאַל,—אים געפונען אינמיטן פּלאַץ און שוין מער פון אויג אים ניט ארויסגעלאָזט...

ווען הינדענבורג, ארומגערינגלט מיט דער גרויסער מאַכנע גענעראַלן, אָפיצערן, אדיוטאַנטן, איז געבליבן שטיין ניט וויַיט פון דער פאַרפרוירענער פעסיען, האָט זי זיך מיטאמאָל פון איר אָרט און פאַרגליווערטן שטיין אָפּגעריסן, דורכגעריסן די סאָלדאַטישע פאַרצאמונגען, צוגעפאַלן צו זיַינע גלאַנציקע שטיוול און געגומענע בעטן:

— האַרינקע... פאָרעצל... האָב ראַכמאָנעס אפ א לעבעדיקער אַלמאָנע... מיַין מאַן האָט מען אפ צוואַנג־ארבעט צוגענומען, און ניטאָ... האַרינקע הינ־דיבורג, האָב ראַכמאָנעס...

אינמיטן טיַיענען האָט א זיַיטיקער אָרקעסטער אָנגעהויבן שפּילן א פריי־לעכע מאַזורקע... דאָווידל האָט זיך אויסגעפּלאָנטערט פון דער וואַרעמער

קאָלדרע, גענומען פּעסיען בריקען מיט די קרומע פֿיסלעך אין בויך, געשריגן דעם דײַטשישן פֿעלדמאַרשאַל גלײַך אין פּנים אַרײַן...

— מאַמע, מוזיקע... מאַמע, לאָז מיך אָפּ...

— מאַמע, מוזיקע...

פּעסיע איז פֿון זײַנע קוילעס און בריקערײַ נאָך צעטומלטער און דערשראָקענער געוואָרן... גענומען שטיל און ניט באַמערקט דאָווידלען קנײַפּן אין די ווייכע ליטקעס. דאָווידל האָט נאָך העכער און שטאַרקער גענומען שרײַען...

די גענעראַלן און אַדיוטאַנטן זײַנען געשטאַנען צעמישט און צעטומלט, געקוקט מיט קעלבערנע, דערשראָקענע אויגן אויף הינדענבורגן, ניט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט דער אָפּגעריסענער ייִדענע און איר שרײַענדיק קינד...

הינדענבורג האָט זי שלעכט און אײַלנדיק באַקוקט מיט זײַנע גראָע, וואַסערדיקע אויגן, זיך אויסגעקערט צו איר מיט זײַן פֿעלדמאַרשאַלישן רוקן, מיט שווערע טריט ווײַטער אַוועקגעשפּאַנט איבערן פּאַראַד־פּלאַץ. צוויי אָפֿיצערן האָבן דער צעטומלטער פּעסיען פֿון פּלאַץ אַראָפּגעפֿירט, איר געהייסן געשווינד און גיך אַהיים גיין.

די נײַעס, אַז פּעסיע האָט גערעדט מיטן דײַטשישן פֿעלדמאַרשאַל, איז איבערגעפֿלויגן פֿון מויל צו אויערן.

ייִדן לײדיקגייער האָבן זיך אין קרײַזלעך און רעדלעך געקליבן, דערציילט און איבערדערציילט וועגן געשעענעם און אויסגעטראַכטן...

באָר נײַגעריקע ווײַבער האָבן זייערע קראָמען און הײַזער אויף שאָענלאַנג פֿאַרלאָזן, געקומען אָפּגעבן פּעסיען מאַזלטאָוו, גלײַך ווי שלימע וואָלט פֿון געפֿענקעניש אַהיים געקומען.

פּעסיע האָט זיך פֿון די אַלע באַזוכן און איבערגעלעבטע שרעק געפֿילט קראַנק און צעבראָכן, געלעגן גאַנצע טעג אין בעט מיט שווערע ווייטיקן, וואָס צו עסן איז אין שטוב געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווינציקער.

דער גרויסער אויוון האָט שוין פֿאַרברענט און מיטן רויך אויסגערויכערט די גראָבע קלעצער און קלעצלעך, די דינע ברעטער און ברעטלעך, די סטרוזשקעס און קעסטלעך—איז אין שטוב געוואָרן קאַלט און הויל...

דאָווידל איז שוין מער ניט אומגעלאָפֿן אַפֿן גרויסן הויף, אויפֿגעהערט צו מאַכן שנייִקע מענטשעלעך אין פּוכיקן שניי. דאָווידל האָט זיך שטיל און פֿאַרלאָזן אומגעדרייט אין דער קאַלטער שטוב. די אייגעלעך זײַנען בײַ אים געוואָרן גרעסער און אומעטיקער, דאָס פּנים קינדיש־ערנסט און בלייכער.

שאָענלאַנג פֿלעגט ער אָפּשטיין בײַם קליינעם פֿאַרפֿרוירענעם פֿענצטער, זוכן זײַן טאַטעלען.

וויאַזוי זײַן טאַטע דאַרף אויסזען האָט ער ניט געוווּסט, ניט געדענקט. אין לײדיקע שעהן, אין לאַנגע ווינטערדיקע פֿאַרנאַכטן, אין זוניקע, זומערדיקע פֿרימאָרגנס האָט פּעסיע אויסגעוואַרעמט און פֿאַרזייט אַ שטאַרקע קינדערשע ליבע צום פֿאַרפֿאַלענעם טאַטן.

ליגט איצט דאָווידל א קלײנינקער און דרײַיאָריקער, בלאָנדזשעט מיט זײַנע קינדערשע אײגעלעך איבער וועלדער און טײַכנ, טײַכנ און שטעט, שטעט און וועגנ — זוכט א וועג, וואס פירט ווײַט־ווײַט אהינ, ווו מע האט זײַנ טאטעלען פאַרשלעפּט. פאלט אָנ אָוונט, פארציט און פארמעקט, פאר־וועבט און צעמישט אלע טײַכנ און וועלדער, שטעט און וועגנ, וואס דער פראָסט האט א גאַנצנ טאָג געשפּינט אפ די פארפרוירענע שויבנ פונ קלײנעמ פענצטערל... ווערט באַמ פענצטער טונקל און קאַלט, טרײַבט די טונקעלע קעלט דאָווידלענ פונ פענצטער אינ צווייטנ ווינקל, צו מאַמישער ווארעמקייט.

אינ צווייטנ ווינקל ליגט פעסיע שווער און ניט באוועגלעכ, קוקט מיט קראַנקע, פינקלדיקע אויגנ אפ דאָווידלס עלנטקייט, האט מוירע אימ נאָענט צו זיכ צוטוליענ.

דאָווידל האט שוינ גוט געדענקט, ווו און אפ וואָסער גאַס ס׳געפינט זיכ די אומזיסטע קינדער־קיכ. גאַנצע פרימאָרגנס פלעגט ער אָפּשטיינ א קלײ־ינקער און ניט באמערקטער אינ די לאַנגע קינדערשע רייענ—וואַרטנ אפ עסנ...

— קינדער ביז זעקס יאָר זאָל מענ דורכלאָזנ אָנ א ריי!—אזוי האט אינ אײנעמ א פרימאָרגנ אויסגערופנ א דיקלעכע פרוי אינ א ווײַסנ הויב און שמוציקנ פאַרטעכ אפנ בויכ.

דאָווידל איז געבליבנ שטיינ אינ עק פונ א לאנגער, קינדערשער שורע, ניט פארשטאנענ, אז ער מעג איצט פריער פונ די עלטערע קינדער ארײַנגייג אינ קיכ...

— יינגעלע, אפ וואס וואַרטסטו?..—אפ קאָוועד. קומ, קאַראַפּוזיק.—א פרעמ־דע יידענע האט דאָווידלענ פונ עק שורע ארויסגעפירט, געבראַכט צו דער קיכ־טיר. בא דער טיר האבנ זיכ טאטעס מיט קינדער געשטופט און געריסנ:

— לאָזט דורכ, איכ בינ מיט א פיצל קינד!..

— געזענ א פיצל, ער איז שוינ געוויס אַכט יאָר!..

— זאָל אײַכ אזויפיל יאָרנ אָפּפאַלנ, וויפל אימ פעלט נאָכ צו זעקס,—האט א יידענע אינ אנ אָפּגעטראָגענער רעטאָנדע גיט פארשווויגנ.

אזוי האבנ זיכ קאלטע ווינטער־פרימאָרגנס אויסגעצויגנ אינ לאנגע קינ־דערשע רייענ, פארפלאָכטנ, פארוועבט אינ עק פונ קינדערשער שורע דעמ הונגעריקנ דאָווידלענ. דאָווידל איז שוינ געווינט געווענ אלע טאָג, אלע טאָג אָפּשטיינ שאָענלאנג בא דער קיכ־טיר, ווארטנ אפ עסנ און זאטקייט.

האט אײנמאָל געטראָפנ, אז דאָווידל איז לאנג ארומגעלאָפנ אפנ גרויסנ הויפ, געמאכט, ווי אמאָל, שנײיִקע מענטשעלעכ אינ פוכיקנ שניי און גאָר שפעט געקומענ צו דער קינדער־קיכ. די קיכ איז שוינ געווענ ארומגערינגלט פונ א גרויסער הורדע קינדער. די קינדער זיינענ געשטאנענ אויסגעשטעלט אינ לאַנגע שורעס, געזעסנ קופּעסווײַז אפ די קיכ־טרעפּלעכ, זיכ געקליבנ אינ רעדלעכ און קרײַזלעכ אפנ הויפ־גערטנדל.

בײַ דער סאַמע טיר זײַנען געשטאַנען די עלטסטע — צװעניאָריקע, עלף־יאָריקע ייִנגלעך, — אָפּגעריסענע און באָרװאָקסענע, אָנגעטאָנענע אין מאַמישע יאַקן, אין טאַטישע שטיװל, אין באָבישע פּאַטשײלעס פּאַרװיקלט. זײ האָבן אָן אױפֿהער געקלאַפּט מיט פֿאַרפֿרױרענע פֿױסטן אין פֿאַרשפּאַרטער טיר, געשלײַדערט מיעסע זידלװערטער אין אַרומיקן קינדערשן טומל.

פּלוצים האָט זיך די קיך־טיר געעפֿנט, און דער שװעל איז געשטאַנען דיזעלבע דיקלעכע ייִדענע, א װײַסע באַטראַכט די מאָגערע קינדער, מיט א באַסאָװער שטימע דעם קינדערשן טומל איבערגעשריען:

— גײט אַהײם... ניטאָ קײן שפּײַז... די קיך װעט זײַן פֿאַרמאַכט דרײַ װאָכן!..

די טיר האָט זיך אַזױ פּלוצים פֿאַרמאַכט, װי געעפֿנט.

די קינדער זײַנען געבליבן שטײן שטיל און איבערראַשט, געקוקט מיט דערשראָקענע, הונגעריקע אײגלעך אויף דער פֿאַרשפּאַרטער טיר, ניט געװוּסט װאָס צו טאָן מיט די הונגעריקע בײַכלעך...

א ייִנגל, באַװאָקסן און גרױס, האָט זיך פֿון דער פֿאַרשפּאַרטער טיר און באַװײַרים אָפּגעטײלט, גיך אַראָפּ פֿון די טרעפּלעך, געפֿונען א רױטן צעבראָכענעם ציגל. דער ציגל איז געװען אײַנגעפֿרױרן אין אײַז, באַװאָקסן מיט לײם און ערד. ער האָט דעם ציגל מיט בײדע הענט, מיט אַלע קינדערשע קױכעס פֿון אײַז און אײַנגעפֿרױרנקײט אָפּגעריסן — גענומען מיטן פֿאַרפֿרױרענעם ציגל אין פֿאַרשפּאַרטער טיר קלאַפּן...

די ייִנגערע קינדער האָבן אים נאָכגעטאָן, געפֿונען אין הױף־גערטנדל שטײנער, ציגל, שטיקער האָלץ, גענומען אַלע מיטאַמאָל קלאַפּן אין פֿאַרשפּאַרטער טיר, געשריִען מיט קינדערשע קולעס:

— עסן!

— עפֿנט אױף!

— עסן!

די קינדערשע קולעס האָבן זיך געפֿלאָכטן אין א הױכן, שנײַדנדיקן געשרײ. די קלעפּ אין טיר זײַנען געװאָרן אַלץ שטאַרקער, הילכיקער, פֿאַרביטערטער.

נײַע גרופּעס קינדער זײַנען פֿון בױדעמס און קעלערס נאָך עסן און זאַטקײט געקומען — געפֿונען א פֿאַרשפּאַרטע טיר... אױך געפֿונען שטײנער, שטיקער אײַז, געקלאַפּט און געשריען:

— עסן!

— עפֿנט אױף!

— עסן!

די טיר איז געװען א שװערע און א שטאַרקע, אױסגעבױט פֿון דעמבענע ברעטער, באַקלאַפּט מיט אײַזערנע רײקעס. זי האָט שװער געקרעכצט אונטער די קלעפּ פֿון די קינדערשע הענטלעך, ניט געװאָלט זיך אונטערגעבן.



2, מ. דאַניעל 796.

די אייגעלעך באַ די קינדער האָבנ אופגעבליצט מיט א הונגעריקער אַקשאַנעס, די צורעס רויט צעפלאַמט, די שטימעס הייזעריק אונ פאַרשטיקט. די קינדער האָבנ דעם הונגעריקנ טאָג מיט געשריי אונ קלעפ פאַרטריבנ. אָוונט איז אָנגעפאַלנ מיט קעלט אונ טונקלקייט. א ווינטערדיקע זונ האָט אינ בלאָער רויטקייט פאַרברענט אנ עק הימל אונ געלאָזנ אימ הענגענ אם קינדערשע קעפלעך, ווי אנ אָפגעברענטע האָלאָוועשקע.

— כעווירע, מיט די פיס א בריק!

— אלע... מיט איינ מאָל...

— נאָכאַמאָל!

— קלאַפּ! בריאַזגו! שטויס! שטופּ! ברעכ! שלאָג!

— אלע... מיטאמאָל!

— נאָכאמאָל!

די דעמבענע טיר האָט זיכ שווער א ברעכ געטאָנ, זיכ אָפגעריסנ פונ די אייזערנע שרויפנ, געפאלנ מיט איר גאנצער שווערקייט צו דער פאַרפרוירענער ערד.

די קינדער זיינענ דערשראָקענע פונ טיר אָפגעשפרונגענ, מיט א הילכיקנ געשריי זיכ צעלאָפנ אהיים...

דאָווידל איז שוינ שפעט אינאָוונט אינ הייזל אריינ.

פּעסיע איז געלעגנ אינ בעט א פאַרוועבטע אינ טונקלקייט, אינ אָנהייב נאַכט. אינ צימער איז געווענ אזוי שטיל, גלייכ ווי ניט קיינ לעבעדיקס וואָלט געלעגנ אונטער דער קאָלדרע צונויפגעדרייט...

דאָווידל האָט זיכ דורכגעשאַרט צום טונקעלנ צימער, געקומענ צו דער מאַמעס בעט, זיינע פארפרוירענע הענטלעכ אונטער דער קאָלדרע פארוקט — געזוכט דאָרט וואַרעמקייט...

פעסיע האָט עפעט קאַלטס באַ זיכ אפנ בוזעמ דערפילט, פונ קראַנקנ שלאָפ אופגעציטערט, געוואָלט דעמ קאָפ פונ שלאָפ אונ שווערקייט אופהייבנ, — ניט געקאָנט.

א הויפּ־שכיינע האָט צופעליק די טיר געעפנט, דערהערט א שטילנ קינדערשנ געוויינ.

דאָווידל איז געשטאנענ הארט צוגערוקט צו פעסיעס בעט, די הענט פארוקט אונטער דער קאָלדרע אונ שטיל געבעטנ:

— מאַמע, טו מיר אויס די שיכלעכ... מאַמע, ס'שטעכט!..

די הויפּ־שכיינע האָט דאָווידלענ פונ דער קראנקער מאַמענ צוגענומענ, די שיכלעכ פונ זיינע פארפרוירענע פיסלעכ אַראָפּגעצויגנ, עסנ געגעבנ, שלאָפנ געלייגט.

דריי טעג, דריי נעכט האָט זיכ פעסיע מיט טויט אונ קראנקייט געראנגלט, אפנ פערטנ — שטיל אויסגעגאנגענ.

די ווערקשטעטן האָבן [illegible] אונ אַנ פֿאַרווינטערונג איר טריט באַוועגט. אינ יעדע טעג פֿלעגט מענ אויסגעבויגענע [illegible] הונגער געפֿינענ אינ די גאַסנ־ווינקלעט, אינ די הײַזער, אפֿ מערק [illegible] פֿלעצער.

נאָר נאָענטע פֿרײַנד האָבנ די איבערגעבליבענע שטוב־זאַכנ פֿאַרקויפֿט, פֿאַרנ באַקומענעם געלט ליַוונט פֿאַר פּעסיען געקויפֿט,—איר אָפּ בעסוילעם אָפּגעפֿירט.

אָונט, ווענ לעצטע פּאָסנ זונ פֿונ ערשטנ פֿרילינג־טאָג האָבנ זיכ שטיפֿעריש געשפּילט אפֿ פּעסיעס קײַווער,—דעמאָלט האָט זיכ א ווילד־פֿרעמדע יידענע דערמאָנט אָנ דאָווידלען אונ זײַנ עלנטקייט.

דאָווידל איז געשטאַנענ האַרט באַם בערגל זאַמד, געקוקט מיט זײַנע ושוואַרצע קינדערשע אײַגלעך אהינ, ווו מע האָט זײַנ מאַמען באַהאַלטנ, אונ אַלצ געוואַרט, די מאַמע זאָל צוריק פֿונדאָרטנ ארויסגייַנ.

די ווילד־פֿרעמדע יידענע האָט מיט א לאַנגנ זיפֿצ געפֿרעגט:

— דאָווידל, וואָס רעכנסטו טאָנ?

דאָווידל האָט זיכ דערשראָקנ אומגעקוקט, ניט געוווּסט, וואָס אזוינס דאַרפֿ ער „רעכענענ טאָנ". אים האָט אָנגעהויבנ שרעקנ דאָס בערגל זאַמד, דער אָוונט, די פֿרעמדע יידענע. ער איז גיכ אונ שפּרינגענדיק אַנטלאָפֿנ פֿונ בעסוילעם.

באַם סאַמע טויער שוינ האָט אים די יידענע דעריאָגט:

— דאָווידל, וווהינ?

דאָווידל האָט זיכ פֿונ אונטער אירע הענט ארויסגעדרייט אונ, שוינ זײַענדיק ווײַט, אויסגעשריַענ:

— זוכנ דעם טאַטנ!!!

דאָ האָט מענ שוינ געקאָנט די דערציילונג פֿאַרענדיקנ, ווײַל דערציילנ, ווי דער קליינער דאָווידל איז אומגעפֿאָרנ איבער אסאַכ שטעט אונ שטעטלעכ, ווי ער האָט זיכ געוואַלגערט אפֿ וואָקזאַלנ, באַנענ, אינ פּעכ־קעסלענ מיט בענדליקער אונ הונדערטער פֿאַרוואָרלאָזטע־קלײַנ איכ זיכ נים.

איינס נאָר וויל איכ איר זאָלט וויסנ:

דעם 7־טנ נאָיאַבער 1926 יאָר איז אינ באָברויסקער קינדער־שטעטל פֿאָרגעקומענ א גרויסער יאָנטעוו.

די קינדער האָבנ מיכ שטאַרק געבעטנ, איכ זאָל זיי וואָס איבערלייענענ.

די שטימונג איז געווענ זייער א געהויבענע אונ א יאָנטעוודיקע.

איז מיר געווענ שטאַרק שווער אינ אזאַ יאָנטעוודיקנ טאָג זיי דערציילנ די טרויעריקע מײַסע וועגנ דאָווידלענ.

ווענ איכ האָב געענדיקט לייענענ, איז אינ זאָל געוואָרנ זייער שטיל אונ פֿונ אײנ ווינקל האָט זיכ דערהערט א שטים:

— כאַווער דאַניעל, איכ וויל אײַכ מאַכנ א באַמערקונג.

אַלעמענס קעפּ האָבנ זיכ אויסגעדרייט צום ווינקל.

אינ ווינקל איז געשטאַנענ א הויכער, פעסטגעבויטער יונג, געקוקט מיט גרויסע שוואַרצע אויגנ אפ דער טריבונע.

— ווער איז דאָס יינגל? — האָב איך געפרעגט באַמ פּאָרזיצער.

— אונדזער א געוועזענער שילער. פונ נאָכ האָבנ מיר אימ אריינגענומענ אינ קינדער־שטעטל. דריי יאָר איז ער דאָ אָפּגעהיט. איצט ארבעט ער אינ א פאַבריק, אלע פרייע טעג פארברענגט ער מיט אונדז.

— וואָס פאַר א באַמערקונג ווילסטו מאַכנ?

ער האָט דעמ געקרויזטנ קאָפּ עטוואָס איינגעבויגנ אונ, קוקנדיק פארבײַ מיר, שטיל אָנגעהויבנ:

— די דערציילונג אײַערע איז א ריכטיקע. די מאַמע איז טאַקע דעמאָלט פונ הונגער אויסגעגאַנגענ. מע האָט זי טאַקע גערופנ פּעסיע... אונ דער טאַטע מײַנער איז טאַקע געוועזנ א סטאָליער, אונ די דײַטשנ האָבנ אימ פארטריבנ אפ צוואַנגארבעט. אונ איך בינ געוואָרנ א פארוואָרלאָזטער... אָבער ווער איז שולדיק אינ אָט די אלע אומגליקנ? — די מילכאָמע. אונ ווער איז שולדיק אינ דער מילכאָמע? — די בורזשויעס פונ אלע לענדער, אונ וועגנ דעמ האָט איר אינ אײַער דערציילונג ניט אָנגעשריבנ... נו, אונ דעמ טאַטנ מײַנעמ האָב איך געפונענ. ער ארבעט איצט מיט מיר אינ איינ פאַבריק...

דאָווידקע האָט זיכ פּלוצימ פארהאַקט אונ ווײַטער ניט געקאָנט רײדנ. אלע האָבנ אָנגעשטרענגט אונ שווײַגנדיק געקוקט אימ אינ מויל אריינ, געזעענ ווי זײַנ יונג פּאָנעמ ווערט פארגאָסנ מיט א שאַמעוודיקער רויטקייט אונ די ליפּנ שטאַמלענ.

— דו ווילסט נאָכ וואָס זאָגנ? — האָט אימ דער פּאָרזיצער זייער כאַווערי̇ש געפרעגט.

דאָווידקע האָט זיכ באַהערשט, צוגעגאַנגענ גאָר נאָענט צו דער טריבונע אונ שוינ שטיל דערקלערט:

— אמאָל, ביז איך בינ אָנגעקומענ אינ קינדער־שטעטל, זײַנענ בײַ מיר די פּיסלעכ געווענ קרומע... איך האָב זיכ פארנומענ מיט ספּאָרט אונ זיכ געהיילט... איצט זײַנענ בײַ מיר גלײַכע פיס, ווי בײַ אלע כאַווײרע...

דאָווידקע האָט זיכ דער ערשטער פאַנאַנדערגעלאַכט, נאָכ אימ אלע כאַווײרע. אונ דאָ אָפּנ אָרט אָנגעהויבנ צוטראַכטנ א נײַעמ נאָמענ פאַר דער דערציילונג. לאַנג האָבנ מיר געטראַכט אונ איבערגעטראַכט, ביז וואַנענ מיר האָבנ באַשלאָסנ, אז דער נאָמענ פונ דער דערציילונג זאָל בלײַבנ „דאָווידל קרומ־פּיסעלע“, אונ אינ קלאַמערנ זי אָנרופנ „דער ערשטער פארוואָרלאָזטער“, ווײַל אינ יענער שטאָט איז דאָווידל געווענ דאָס ערשטע יינגל, וואָס איז אוועק אינ גאַס. אכוץ דעמ האָבנ מיר באַשלאָסנ, אז איך זאָל אינ דער דערציילונג אָנשרײַבנ, אז דאָווידל האָט זײַנ טאַטנ געפונענ, איז געוואָרנ א פאַבריק־ארבעטער אונ די פיס זײַנענ בײַ אימ געוואָרנ ווי בײַ אלע כאַווײרע.

אלע באַשלוסנ פונ דער פארזאַמלונג האָב איך זיכ באַמיט אויסצופּילנ.

# אפ דער זיבעטער ליניע

— ווער קויפט וואַליוטע?

— ענגלישע פונטנ?

— דאָלאַרנ, דאָלאַרנ—ווער בײַט?

א האַנדל מיט וואַליוטע איז אָנגעגאַנגענ אינ באַנק־קאָנטאָרנ, אינ טויערנ, אינ פינצטערע דורכגאַנגענ אונ אינמיטנ גאַס.

געהאַנדלט האָבנ אַלע:

אַלטע ווײַבער, יונגע מיידלעכ, געוועזענע שילער פונ געוועזענע גימנאַזיעס, פאַראָרעמטע אַריסטאָקראַטנ אונ אופגעקומענע ספעקוליאַנטנ.

די וואַליוטשיקעס זיינענ געווענ צו פאַרנומענ מיט בײַטנ געלט הינטער די טויערנ, האָבנ זיי ניט באַמערקט, ווי א קליינ יינגל איז לאַנג אַרומגעקראָכנ אַרום א גרויסנ טויער, דעם טויער פונ אַלע זײַטנ, ווי א הונגעריק הינטל, באַשמעקט אונ גענומענ לייענענ אַנ אַלטנ פאַראַסטנ שילד.

אפ דעמדאָזיקנ פאַרזשאַווערטנ שילד איז אַמאָל, מיט יאָרנ צוריק, געווענ אָנגעשריבנ מיט גרויסע ווערטער:

Ресторан „Европейский Бар"

אָבער פונ אַלטקייט אונ פונ לאַנג הענגענ אָנ טאַכלעס אפ דער ציגלנער וואַנט זיינענ רוסישע ווערטער אָפּגעקראָכנ אונ מער דעם נאָמענ פונ זייער באַלעבאָס ניט געדענקט. איצט האָבנ אים די געלט־ספעקוליאַנטנ גערופנ פאַר שפּעט: „אָפּגעבאַרעטער אייראָפּייער".

א גאַנצנ פרימאָרגנ איז דאָס קליינ יינגל אָפּגעשטאַנענ באַם „אָפּגעבאַרעטנ אייראָפּייער", געקוקט גלײַכגילטיק, ווי פאַרשוויצטע הענדלער קויפנ אונ בײַטנ געלט־פּאַפּירנ, געוואַרט מיט אומגעדולד, די טיר פונ רעסטאָראַנ זאָל זיכ עפענענ.

דאָס יינגל איז געווענ געקליידט זייער מאָדנע: אפנ קאָפּ האָט ער געטראָגנ א גרויסע געוואַנטענע פאַנאַמע, אפ די פּלייצעס — א קורצע־וואַטאָווע קורטקע, דאַרע בײַנערדיקע קני זיינענ בא אימ אַרויסגעקראָכנ פונ צעריסענע קאָרטענע הויזנ, אונ א פּאָר געלע שיכ מיט שאַרפע נעזער האָבנ נאָכ מער

[illegible] ער האט קיין שלעכטס ניט אום [illegible] אין דער [illegible]
דיקער [illegible].

ווען די טיר פון פארשפארטן רעסטאראן האט זיך פלוצים אויף [illegible] געעפנט, איז דאס יינגל אפן צוזייטן טראטואר אריבער, געקוקט מיט דערשראקענע אויגן, ווי די געלט־ספעקולאנטן האבן זייער דרויסנדיקן האנדל אינ'ן רעסטאראן אריבערגעטראגן און איז אויך אהין ארײַן.

צו די געווירכט־באוועצטע טישלעך האבן זיי קעלנער געטראגן אף ניקלנע טאצן שטיקער געבראטנענע גאנדז, הינער, פעטע וואפן. דאס קלאפערײַ פון גאפל־מעסער האט זיך אויסגעמישט מיט אפגעריסענע פראזן פון געלט־ספעקולאנטן:

— מע דארף פאסטער ווערן פון דער סאוועטסקער נעוויילע...

— אז די דײַטשישע מארקן זיינען ניט בעסער.

— ווער ווייס וואס איז בעסער? — מע זאגט, די „גדולים" שטייען הינטער ראקיטנע.

א יונגער וואליוטשיק האט מיט אריינגעשטעלטע גאלדענע ציין געקײַט א הארטע שטיק פלייש, אינײַנעם מיטן פלייש א פראזע בעקײַט:

— ס'איז נאך ווײַט צום געלעכטער... זיי האבן דארט געכאפט דעם עמעסן טאראבענקאש — דײַנע „גדולים"...

— איך שענק זיי דיר אוועק אף קערן, „מײַנע גדולים", — האט זיך דער צווייטער אפגעטרייסלט.

דאס יינגל איז געזעסן פארוקט אין א ווינקל, פויל געזופט דעם דער־לאנגטן זופ און אנגעשטרענגט געקוקט אף צוויי מיידלעך באם בופעט.

די מיידלעך באם בופעט האבן גיך און גענױ געווישט שמוציקע ביר־גלעזער, איינע האט דעם יינגלס אנגעשטרענגטן קוק באמערקט, אופגעהערט ווישן די שמוציקע גלעזער:

— ריווקע, כאפ א זײַטיקן קוק אהין צום לעצטן טישל... מיר געפעלט ניט דאס יינגל אין בריטן קאפעליוש.

— וואס דיר פאלט איין, א יינגל פון צירק, אדער גלאט א שלעפער, — דא אם הערמען צו קוקן...

— ער איז א גאנצן טאג אומגעגאנגען הינטער די פענצטער, מע דארף זאגן בערן, ער זאל פונדאנען אוועקגיין.

בא איינעם פון די סאך טישלעך איז געזעסן א יונגער באכער, זייער שיין געקליידט. ער איז געווען אופגערעגט און צעטראגן, זײַנע גרויסע אויגן האבן אומגעבלאנדזשעט איבער שפאלטן פון א פוילישער צײַטונג. קענטיק, די טעלעגראמעס פון פראנט האבן געהאט צו אים זייער א שטארקע שײַכעס. ער האט זיי געלייענט גיך, ווי ער וואלט אונטער די שווארצע פוילישע אויסיעס זוכן א באהאלטענעם עמעס, אן עמעס, וועלכן די צײַטונג האט מוירע אויסזאגן. ער איז מיט גיכע טריט צוגעגאנגען צום בופעט און אפ־געהאקט געפרעגט:

— ריווקע, מיך האט קיינער ניט געזוכט?
— ניין.
ריווקע האט זיך נידעריק צום צוגעגאנגענעם באכער אראפגעבויגן, שטיל פארטרויט:
— בער, דארט זיצט א פארשוין אין א קאפעליוש, ער געפעלט מיר ניט.
בער איז צוריק צו זייַן טישל אוועק, ווידער געלייענט זייַן פוילישע צייַטונג און פארזיכטיק גענומען באקוקן דאס יינגל אין ברייטן קאפעליוש און געלע שיך. און וואס לענגער בער האט אפן יינגל געקוקט, אלץ ערנסטער און פארוואונדערטער איז זייַן פנים געווארן. ער איז צוריק פון זייַן זיצן אופגעשטאנען, מיט גיכע טריט צום בופעט צוגעגאנגען און מיט פרייד און מיט שרעק דערקלערט:
— דאס איז דאך זיאמקע קאפאטש.
דאס מיידל האט א פאר גרויסע אויגן געעפנט, די ביר־גלאז אופגע־הערט ווישן און פארוואונדערט איבערגעפרעגט:
— וועלכער זיאמקע? — פון באראק?
בער האט איר פארוואונדערונג צעשלאגן:
— הייס אים דא ווארטן ביז זעקס. זעקס וועל איך דא זייַן.
אין רעסטאראן זיינען עסער און אריינגייער געווארן אלץ ווינציקער און ווייניקער. דער טומלדיקער דרויסן האט דורך רעסטאראן־פענצטער געווארפן לעצטע פאסן זון. פון א טאג ארומשלעפן זיך איבער אספאלטענע טראטוארן און בלעכענע דעכער זיינען זון־פלעקן געווען פארמאטערט און אויסגעבלייכט, זיך אויסגעלייגט, ווי מידע סאלדאטן, אף די סאף ליידיקע טישלעך און שטום, אן ווערטער, דערציילט, אז דער זומערדיקער טאג איז שוין אוועק.
די צוויי מיידלעך באם בופעט האבן די ערשטע באמערקט, אז אכוצן יינגל אין ווינקל און לעצטע פאסן זון אף די טישלעך איז אין רעסטאראן קיינער ניט געבליבן. זיי האבן גיך די גאסיקע טיר פארשפארט און פריילעך אויסגערופן:
— כעווריע, אהער, זיאמקע איז דא!
פון הינטער דער אייַזערנער קאסע, פון קיך, פון די זייַטיקע צימערן האבן זיך איינציקווייַז גענומען ארויסרוקן כאווירים, דערזען אין ווינקל צימער זיאמקען און פריידיק גענומען שרייַען:
— יע, דאס איז דאך זיאמקע!
— ווי קומט ער אהער?
— שלאג מיך ביז טויט, אויב איך וואלט אים אין קאפעליוש דערקענט.
מיט עטלעכע מינוט שפעטער איז שוין זיאמקע געזעסן צווישן א גרופע כאווירים, גענוי דערציילט, ווי ער איז אנטלאפן פון געפענקעניש. איצט, ווען ער האט פון זיך אראפגעווארפן דעם ברייטן קאפעליוש און די ווינטערדיקע קורטקע, האבן די כאווירים באמערקט, אז דאס פנים איז בא אים שטארק

פאַרברענט און אויסגעמאָגערט, די אויגנ רויט און אויסגערענט און פינקלענדיק מיט באַהאַלטענער שרעק. וואָס לענגער זיאַמקע האָט דערציילט, אַלץ געענ־טער האָבנ זיכ די כאַווירים צו אימ צוגערוקט, מיט פאַרשפּיצטע אויערנ געהערט, ווי ער איז מיט צוויי טעג צוריק פונ באַראַק אַנטלאָפנ, און ניט געוואָלט גלייבנ, אַז דעמ גאַנצנ זיאַמקענ איז נאָכ קיינ פולע זעכצנ יאָר ניטאָ.

אינ גרויסנ רעסטאָראַנ־צימער איז געוואָרנ טונקל. אינ דער אָנגעפאַלענער טונקלקייט האָט קיינער ניט באַמערקט, ווי בער איז דורכ דער הינטער־טיר אַריינ, מיט שטילע טריט זיכ דערנעענטערט צו דער גרופּע כאַווירימ און זיאַמקעס דערציילונג מיט א נייַמ איבערגעריסנ:

— אינדרויסנ דרייענ זיכ ארומ פוילישע „שמעקער"!

א ווייַלע זיינענ אַלע געזעסנ שטיל און ווי פאַרגליווערט, מיט צעטומלטע אויגנ געקוקט, ווי זיאַמקע טוט גיכ אָפּ זיכ אָנ זייַנ ווינטערדיק רעקל און ברייטע פאַנאַמע.

— צוריק צו דער אַרבעט! — האָט בער קורצ באַפוילנ — און זיאַמקע דאַרפ גלייַכ ווערנ לינק...

די כעווורע זיינענ גיכ פונ די ערטער אופגעשפּרונגענ, פלינק אָנגעצויגנ אָפּ זיכ די וויַיסע קעלנערשע שירצנ און רונדע הויבנ. באַמ בופעט זיינענ שוינ ווי פריער געשטאַנענ די צוויי מיידלעכ, געניט און ווי שטענדיק גע־וואַשנ און געווישט די שמוציקע גלעזער און אומרויִק געקוקט אָפּ דער גאַסי־קער טיר. בער האָט זיאַמקענ צו דער הינטער־טיר צוגעפירט, אימ באַוויזנ, וויאַזוי אינ א זייַטיק געסל אַרויסגיינ:

— מיר האָבנ הייַנט א דורכפאַל. אויב מיר וועלנ אָפּקומענ מיט שרעק, וואַרט איכ אָפּ דיר צוועלפ באַנאַכט דאָ... איצט טראָג גיכער אָפּ די ביינער — זיי קאָנענ אַלע מינוט אָנקומענ...

וווהינ גייט מענ, אַז די שטאָט איז צעשניטנ פונ גאַסנ און געסלעכ, פונ פּלעצער און פּאַרקעס, אַז דאָס איינציקע אָרט, אָפּ וואָס ער האָט געהאָפט, איז געווענ דער אומלעגאַלער רעסטאָראַנ, און די איינציקע פריינט — די פּאַרטיי־כאַווירימ.

א ווייַלע איז ער געשטאַנענ אינמיטנ הויפ, געקוקט, ווי דער אָוונט שפּרייט אויס נאַכטיקע טונקלקייט אָפּ הייַזער און מויערנ, מעקט אָפּ די שאַרפע ווינק־לענ פונ מענטשנ און זאַכנ, פאַרוועבט די שטאָט אינ אָנהייב נאַכט. ער האָט שלעכט געדענקט, וויאַזוי ער איז פונ די צעדרייטע הויפנ אינ געסל אַרויס. א שטאַרקע מידקייט האָט שווער געמאַכט די טריט, א שלעפעריקייט האָט די ריִטע, ניט־געשלאָפענע וויִעס געצווּנגענ קלעפנ. אָבער א שרעק האָט אימ גע־טריבנ פונ געסל צו געסל, פונ איינ עק שטאָט צו דער צווייטער — אימ צומ וואָקזאַל געבראַכט.

דעמדראָזיקנ וואָקזאַל האָט זיאַמקע גוט געקוסט און שטאַרק פייַנט געהאַט. מיט דריַי כאָדאָשימ צוריק האָט ער בא דעמדראָזיקנ וואָקזאַל א פאַרשטעמפּלטע

טעפּלושקע געהיט. די שטאָט האָט זיך דעמאָלט מעשונע־גיך עוואַקוירט. די גאַנצע אומגעגנט האָט זיך שוין געפֿינען אין די הענט פֿון די פּוילישע מאַגען, קליינע פֿאַרט. ואַנישע טיילן זיינען געווען צו שוואַך, זיי זאָלן קאָנען די שטאָט איינהאַלטן. שוין עטלעכע טעג, ווי די פֿאַבריק־קוימענס זיינען גע־שטאַנען שטום און פֿאַרלאָזן. די אַרבעטער האָבן די מאַשינעס צעשרויפֿט און צענומען אָפּ איינציקע טיילן, אינייִנעם מיט די צעשרויפֿטע מאַשינעס פֿון שטאָט אַנטלאָפֿן. דורך טאָג און דורך נאַכט האָבן לעצטע לאָקאָמאָטיוון גע־שלעפּט פֿון וואָקזאַל לאַנגע עשאַלאָנען מענטשן און זאַכן. אין שטאָט האָבן זיך גענומען שפּרייטן קלאַנגען, אַז די פּוילישע מאַכנעס שטייען עטלעכע מייל פֿונדאַנען, אַז נאָך היינטיקע נאַכט וועלן זיי די שטאָט פֿאַרנעמען.

זיאַמקע איז דאַן א גאַנצן טאָג אָפּגעווען אין שטאַב—אַלץ געוואַרט אַף א באַשטימונג. אין שטאַב איז אין יענעם טאָג געווען צו טומלדיק און קיינער האָט זיאַמקען און זיין וואַרטן ניט באַמערקט. שוין שפּעט נאָך האַלבן טאָג, ווען אַלע סאָוועטן־אַנשטאַלטן זיינען שוין געווען אַרויסגעפֿירט, ווען דער־שראָקענע איינוווינער האָבן שטיל פֿאַרטייעט דעם אָטעם הינטער פֿאַרשפּאַרטע טירן און לאָדן, מיט שרעק געוואַרט אַפֿן קומענדיקן טאָג, ערשט דאַן האָט זיאַמקע באַקומען א מאָדנע אויפֿגאַבע:

היטן א פֿאַרשטעמפּלטע טעפּלושקע אַף דער זיבעטער ליניע.

דריי שאָ האָט זיאַמקע געדאַרפֿט די טעפּלושקע היטן. דערנאָך האָט אים א צווייטער געדאַרפֿט פֿאַרבײַטן. אָבער שאָען זיינען אַוועק דריי, פֿיר, פֿינף, און קיינער איז אים ניט געקומען פֿאַרבײַטן. א געשריי פֿון וואָקזאַל איז אַהער צו דער זיבעטער ליניע געקומען צעריסן און טעמפּ. א נאַכט איז אָנ־געפֿאַלן א פֿינצטערע, קאַלטע, אָנשטערנדיקע. א טרוקענער ווינט האָט געווייט פֿון פֿאַרגליווערטן, פֿאַרפֿרוירענעם טײַך, פֿון הויכע שפּיציקע בערג, אומ־געטריבן איבער די פֿאַרדרייטע אײַזערנע ליניעס כאָפּטעס שניי. זעלטן־ווען פֿלעגן אײַזנבאַנער פֿאַרגיין אַף דער זיבעטער ליניע, קוקן מיט פֿאַרוווּנדערטע אויגן אַף דער איינזאַמער, פֿאַרגעסענער טעפּלושקע, אַפֿן קליינעם יינגל מיט דער ביקס אין האַנט און בייז לאַכן:

— קוק נאָר אָן דעם העלד!.. ראַטעווע די ביינער, כניאָק!

נאָך אַזוינע שפּאָטישע אויסגעשרייען פֿלעגט זיאַמקע ענגער דעם גורט אַפֿן שינעל פֿאַרציִען, דאָס קורצע יאַפּאָנישע ביקסל פֿון איין פּלייצע אַף דער אַנדערער פֿאַרוואַרפֿן און וואַרטן אַף אַן אומבײַט.

אָבער די נאַכט איז געוואָרן אַלץ פֿינצטערער און קעלטער, דער ווינט האָט געשניטן אין די אויגן, אין פּנים, זיך פֿאַרקליבן אונטערן שינעל. אַף דער זיבעטער ליניע איז געוואָרן אַלץ ליידיקער, אומעטיקער. פֿונוואַנען האָט זיך די סטאַנציע געצונדן אין ווײַסע, גרינע, געלע, רויטע פֿײַערלעך. די פֿאַר־ביקע פֿײַערלעך האָבן אין דער פֿינצטערער קאַלטער נאַכט ווי מאַמישע אויגן געשײַנט, גערופֿן, געשלעפּט צו זיך. די פֿײַערן פֿון אָפּפֿאָרנדיקע עשאַלאָנען

איז געוואָרן אלץ העכער, שרײַענדיקער, אָפּגעריסענער. און פלוצים איז אלץ שטילער געוואָרן. אין דער געוואָרענער שטילקײט האט זיך בוילעטער געהערט, ווי דער ווינט באלעבאטעוועט אפ דאָס פארשנײַטע ליניעס, ווי די קלאפערײַ פון אָפּפאָרנדיקע באַנען ווערט שטילער, ווײַטער און שטאַרבט אָפּ ערגעץ ווײַט אין באַכט־פינצטערניש. זיאַמקע האט זיך דערשראָקן פאר דער ארומיקער שטילקײט, געמאכט עטלעכע טריט אוועקצוגײן, אָבער גלײַך זיך דערמאָנט, ווי דער שטאַב־נאטשאַלניק האט מיט א שטאַרק ערנסט פּאָנעם אים ארײַנגערעדט:

— זיאַמקע, אפ דיר פארלאָז איך זיך. וואס עס זאָל ניט טרעפן — פון טעפּלושקע טרעט ניט אָפּ.

ער איז מיט גיכע טריט צוריק אפ זײַן פּאָסטן געקומען. א ווײַלע געטראַכט, אז עס איז זײער גוט, וואס גראָד אים האט מען אָנגעטרויט אזא פאראנטוואָרטלעכע אופגאַבע, אז ער וועט גיכער שטאַרבן דאָ בײַ דער טעפּלושקע, אײדער פון פּאָסטן אוועקגײן — און נאָך ווענן אסאַך זאַכן האט ער געטראַכט אין דער אָנגעפאלענער שטילקײט.

דערנאָך איז ער געזעסן אפ א טרעפּל פון דער פארלאָזענער טעפּלושקע. די אויגן האבן זיך אים גענומען קלעפּן, די ברעמען און וויִעס זײַנען געוואָרן שנײיִקע און ווײַסע. קעדײ ניט אײַנשלאָפן, האט ער דעם קאָפּ פון שינעל ארויסגערוקט, גענומען מיט פארשלאָפענע אויגן קוקן צום הימל. אָבער אפ וואָס צו קוקן איז ניט געווען. שוואַרצע כמאַרעס זײַנען געהאנגען נידעריק און צעפּלאָנטערט. פון צווישן די שוואַרצע כמאַרעס האט ארויסגעקוקט א ברעקל לעוואָנע, אויסגעזען, ווי אן אויסגערונענע אויג פון א בלינדן. זיאַמקע איז פון טרעפּל אופגעשטאנען, גענומען ארומשפּאנען ארום זײַן טעפּלושקע, געקלאַפּט א פוס אָן א פוס, א האַנט אָן א האַנט, קעדײ זיך דערוואַרעמען. דער וואָקזאַל האט ווידער אהער, צו דער זיבעטער ליניע, גענומען שלײַדערן אָפּגעריסענע קוילעס. די סטאַנציע האט זיך ווידער געצונדן אין ווײַסע, גרינע, געלע, רויטע פײַערלעך. מענטשישע טריט האבן זיך גענומען דערנעענטערן. די טריט זײַנען ביז דער זיבעטער ליניע ניט דערגאנגען. זײ זײַנען געבליבן שטײן אפ דער דריטער ליניע, דאָרט לאַנג אומגעקראָכן מיט האַנט־לאמטערנס ארום די לאנגע געלײמטע עשאַלאָנען, געשלעפּט הילצערנע קעסטלעך אײנע צו די אנדערע און צוריק גענומען אוועקגײן. זיאַמקע האט צונויפגעקליבן די לעצטע קויכעס, פונדאנען, פון דער זיבעטער ליניע, גענומען שרײַען צו די אוועקגײענדיקע מענטשן...

זײַנע קוילעס האט דער ווינט פארטראָגן אָן א זײַט, צעשאָטן א טעמפּן אָפּהילך אפ די צעדרײטע ליניעס און צו קײן מענטשלעכן אויער ניט געבראכט זײ. זיאַמקע האט זיך צוריק אראָפּגעזעצט אפן טרעפּל פון דער פארשטעמפּלטער טעפּלושקע, דעם קאָפּ טיף אין קאָלנער אײַנגעצוירעט און גענומען דרעמלען...

— שטיל אונ, פּאָדלעו!
— אזאַ שנעק אונ קריכט אפּ מילכאָמע...
— ער מוז זײַנ מאַרקס אנ אייניקל!
— דערלאַנג א קוק, ציצעס טראָגט ער...
— נו, הייב זיך, הייב זיך, ס׳ווערט קאַלט דײַנ גלאָז קאַווע מיט די צוקער־זעמעלעכ.

די צוויי לעגיאָנערנ האָבנ זיך פּאַנאַנדערגעלאָכט, אוועק וועקנ זיאַמקעס שכיינימ. זיאַמקע האָט א שווערנ קאָפּ פונ האַרטער נארע, פונ בערגל זאַכנ אופגעהויבנ, באַקוקט מיט אויסגעמאַטערטע אויגנ דעמ גרויסנ הילצערנעמ באַראַק אונ גענומענ זיך אָנטאָנ.

ער איז שוינ געווענ געוווינט, אז פּאַרטאָג, ווענ נאַכט וויקלט אויס אינ עק הימל א גראָע העלקייט, ווענ אינדרויסנ איז קאַלט אונ טייַכפּײַכט — זאָל מענ אימ אופרײַסנ פונ שלאָפ אונ טרײַבנ אפּ ארבעט.

שוינ דרײַ כאָדאָשימ, ווי פּוילישע לעגיאָנערנ כאַזערנ איבער איינע אונ דיזעלבע כאָכמעס.

שוינ דרײַ כאָדאָשימ, ווי זיאַמקע מיט נאָכ צוויי הונדערט געפּאַנגענע רויטאַרמייער האַלטנ זיך אופ דאָ אינ באַראַק.

דער באַראַק איז א גרויסער, הילצערנער אונ געפינט זיך עטלעכע מײַל פונ שטאָט. אימ האָבנ אויסגעבויט די דײַטשנ פאַר כאָליערע־קראַנקע. דערפאַר עפּשער איז ער אזאַ שוואַרצער, דורכגעפּרעסענער פונ קאַרבאָל. זיאַמקענ האָט מענ אהער געבראַכט א פּאַרקאַלייטנ פונ דער זיבעטער ליניע.

די ערשטע דרײַ נעכט איז קיינער פונ די געפּאַנגענע רויטאַרמייער ניט געשלאָפנ. זיי זײַנענ געזעסנ אָנגעטאָנענע אפּ די הילצערנע שוואַרצע נאַרעס, מיט שטאַרע אויגנ געקוקט דורכ די שיטערע ברעטער אינדרויסנ אונ געוואַרט, מע זאָל זיי דערשיסנ. בעכט האָבנ זיך געצויגנ לאַנגע אונ גרויליקע. אלע נעכט פלעגט מענ אנ אנדער פּאַרטיע רויטאַרמייער ארויספירנ פונ באַראַק אונ צוריק ניט ברענגענ. דערשיסנ פלעגט מענ זיי ניט ווײַט פונ באַראַק, בא די שוץ־גריבער, וואָס די רויטע פּאַרטיזאַנער האָבנ אויסגעגראָבנ, איידער זיי זײַנענ פונ שטאָט אוועק.

פערציק געפּאַנגענע האָט מענ די ערשטע דרײַ נעכט דערשאָסנ אונ אופגעהאַנגענ. דערציילט האָבנ עלטערע רויטאַרמייער, אז דער אינטערנאַציאָנאַלער „רויטער קרייץ" האָט זיך ארײַנגעמישט אונ פאַרבאָטנ. אָבער אינדערעמעסנ איז דאָס געווענ ניט אזוי.

דערנאָכ האָט מענ זיך דערוווּסט, אז דער שטאַב פונ די פּוילישע מאַכנעס האָט באַשטימט די רויטאַרמייער לעבעדיק לאָזנ, קעדיי זיי קאָנענ אויסבײַטנ אפּ די געפּאַנגענע פּוילישע לעגיאָנערנ.

ז׳זוי ניט באַמערקט אונ פּלוצימ איז דעמ שוואַרצנ באַראַק באַפאַלנ פרי־לינג, באַפאַלנ פונ אלע זײַטנ מיט לינדע, ווייכע ווינטנ אינ סאָפּווינטערדיקע

־עכט, מיט ריטשקעס צעגאנגענעם שניי אין די אופגעזונטע טעג. און שניי אונטער פיס איז שווארץ און ברודיק געווארן, מער אין בערג און קופעס נים געוואָלט ליגן, אוועק אין שמאָלע טײַכלעך איבער אלע וועגן און טראַקטן.

די פוילישע לעגיאָנערן, וואס האבן דעם באַראַק געהיט, האבן שוין דאס געלט פאר די פארקריפטע רויטארמײַישע שטיוול לאנג פארטרונקען, איצט בעזעסן גאנצע טעג אינדרויסן, געקוקט אפן צעגאנגענעם שניי, אפ דער פריי־לעכער זון און געטראכט, ווו צו נעמען פריש געלט. ווער ווייסט, ווי לאנג זיי וואָלטן געטראַכט, ווען זיאַמקע וואָלט אין איינעם א פרימאָרגן נים ארײַן צו זיי אין בײַדל און נים אוועקגעלייגט אזא מין פלאַן:

— אין לאגער געפינען זיך באַ טױזנט יידישע געפאנגענע, און די שטאָט איז אינגאנצן א ייִדישע... ווען מיר גייען זיך דורך אין שטאָט, וואָלטן מיר שוין געבראַכט אביסל געלט.

די פוילישע לעגיאָנערן האבן געגלעטט זייערע קורצ־אונטערגעשאָרענע וואָנצעס, מיט פארדאכט געקוקט אפן יידישן יינגל און געהייסן אים קומען מאָרגן.

אַמאָרגן איז שוין זיאמקע מיט עטלעכע ייִדישע רויטארמייער אומגעגאנ־גען איבער די סאַך יידישע גאַסן פון שטאָט.

זיאַמקע האט קיין מאָעס נים געהאט. די ייִדישע ארבעטער, באַלמעלאָכעס האבן מיט צאַר געקוקט אפ זייער אָפגעריסענעם הוילעך, אפ זייערע אויס־געהונגערטע צורעס, געשאָטן צו זיי אין די גרויסע סאָרבעס עסנוואַרג און קליינגעלט. די פוילישע פאַטרולן האבן זיך געמאַכט ניטזעענדיק, קלוימערשט איינע מיט די אנדערע געפירט זייערע טיפע שמועסן, און נים געשטערט די רויטאַרמייער ריידן און באַקומען די נעדאָווען.

שוין אפן צווייטן טאָג האט זיאַמקע געוווּסט, וווּ ס׳ געפינט זיך דער אונטערערדישער פאַרטיי־קאָמיטעט, און אפן דריטן טאָג האט ער אײַנגעם מיטן קליינגעלט און שטיקער פארדארטע ברויט געבראכט אין לאַגער א נומער „פראַוודאַ“.

די צײַטונג האט מען א גאַנצן טאָג פאַרזיכטיק אויסבאהאלטן. ערשט שפעט באנאכט, ווען פון דעם לעגיאָנערישן בײַדל זיינען צום באַראַק בעקו־מען אָפגעריסענע שיקערע קוילעס, ווען א שווער צעפלאָנטערט טופען פון שיקערע פיס האט אָפגעהילכט אין דער שטילער פרילינג־נאַכט,—ערשט דאַן האבן זיך די רויטארמייער צונויפגערוקט אפ דער אייבערשטער נאַרע, דאס לעמפל פון וואַנט אינדערמיט אוועקגעשטעלט און גענומען לייענען די גע־בראַכטע צײַטונג. אין ברויטן הילצערנעם באַראַק איז געוואָרן טויט־שטיל. רויטאַרמייִשע אויגן האבן זיך אָנגעצונדן מיט א באהאַלטענער האָפענונג, געגומען פינקלען מיט פרייד און דערוואַרטונג. און וואָס מער דער פאַרלייע־נער האט רוסישע ווערטער פון דער צײַטונג ארויסגעלייענט, אלץ נעענטער,

ענגער האָבן זיי זיך איינע צו די אַנדערע געדרוקט. אַף די הוילע ווענט פון שוואַרצן באַראַק, אַף די האַרטע נאַרעס איז פּלוצים אויסגעוואַקסן ראַטן־רוס־לאַנד מיט געראַנגל אַף די פראָנטן, הונגער, צוזאַמענפאָרן, רעדעס פון לעני־נען... די דאַרע צורעס פון די רויטאַרמייער זיינען פריילעך און אויפגעלעבט־געוואָרן. אַף אַ ווײַלע האָט מען פאַרגעסן אָן די שיקערע קוילעס פון די פוילישע לעגיאָנערן, אָן קעלט און דאַכקעס, אָן קלעפּ און באַליידיקונג, און שטיל, מיט פאַרקריצטע ציין, אין הוילן באַראַק געגומען זינגען נאָענטע רויט־אַרמייִשע לידער. די שוואַרצע ווענט פון באַראַק האָבן פאַרנומען מאָדנע קלאַנגען, קלאַנגען, וועלכע זיי האָבן קיינמאָל ניט געהערט, דורך די אָפענע שפּאַלטן געשאָטן פאַסן לעוואָנע־שײַן, צעמישט מיט אַ שיקערן געשריי פון די פוילישע לעגיאָנערן, און שטום צוגעזאָגט קיינעם ניט אויסזאָגן.

אַלע טאָג פלעגן די פוילישע לעגיאָנערן אַרומטרײַבן זיאַמקען מיט זײַנע כאַווײרים איבער די יידישע גאַסן פון שטאָט, און אַלע נאַכט פלעגן די רויטאַרמייער אַף דער אייבערשטער נאַרע באַם שײַן פון אַ קליין גאַז־לעמפּל לייענען צײַטונגען, אויפרופן, בריוו פון דער אונטערערדישער אָרגאַ־ניזאַציע.

די לעגיאָנערן האָבן געגומען באַמערקן, אַז זיאַמקע גייט צו אָפּט און גערן אין שטאָט, און אים אויפגעהערט נעמען. איצט האָבן זיי אים טאָג נאָך טאָג געטריבן אַף שווערע אומנוצלעכע אַרבעט. פון פאַרטאָג ביז שפּעטער נאַכט איז ער געשטאַנען מײַלנווײַט פון באַראַק, געריייניקט פוילישע טראַקטן פון שטיינער און מיסט.

אָבער לאַנג האָט זיאַמקע דידאָזיקע אַרבעט ניט געטאָן. אין איינער אַ פינצטערער רעגנדיקער נאַכט, ווען וואָלקנס זיינען נידעריק און געדיכט, ווען זאַמד אונטער פיס איז ליימיק און קלעפּיק, איז זיאַמקע פון באַראַק אַנטלאָפן.

איינס, צוויי, דרײַ, פיר, פינף, זעקס, זיבן, אַכט, נײַן, צען, עלף,—עלף אויגער. זיאַמקע האָט זיך דערשראָקן אַרומגעקוקט, דערזען, אַז מענטשן אַפן וואָקזאַל זיינען געבליבן זייער ווייניק. לעגיאָנערן אין לאַנגע, בלאָע שינעלן, גרינע היטלעך און בלאַנקע שטיוול האָבן זיך פוסט־און־פאַס אַרומגעדרייט אַף דער ליידיקער פּלאַטפאָרמע, מיט בייזע אויגן אַרײַנגעקוקט יעדערן אין פּאָנעם און שטאַרק געזוכט, באַ וועמען עטלעכע מאַרק פאַרדינען. זיאַמקע האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך צו לאַנג אַפן וואָקזאַל פאַרהאַלטן, אַז די מײַסע מיט דער זיבעטער ליניע אין באַראַק איז שוין אָן אַלטע און פאַרגאַנ־גענע, אַז איצט דאַרף מען וואָס גיכער אָפּטראָגן די ביינער פונדאַנען. ער האָט זײַן שוואַרצן קאַפּעליוש טיף איבער די אויגן אַריבערגעשלעפּט, דורך דער זיבעטער ליניע צום רעסטאָראַן אַוועקגעשפּאַנט.

בערל איז באַ דער הינטער־טיר פון רעסטאָראַן ניט געווען.

פאַר לעבן ווערטערלעך סטאַן ווינגער שרייבט אחוץ אַסאַך מענ, אחוץ באַזונ
שיכן־פאַרי אַלע בײַ שוין אויסגעוועזן פֿאַר דער צײַט אין אַסאַך שטעטער
רעסטן, קאַנטן, און וואַמקען אינערגעץ נים באַגעגנט.
אַסאַך דערציילן אַז ז'אַמקע געפינט זיך איצט אין מאָסקווע, לערנט זיך
אין איינעם פֿון די אַרבעטאַקן און מיטדערצײַט וועט פֿון אים אַרויסקומען
א גוטער פּאַרטיי־טוער. אנדערע ווידער דערציילן, אַז מע האָט אים אין יענער
וומערדיקער לעוואָנע־נאַכט אינייַנעם מיט נאָך זיבן קאָמוניסטן אָפּ דער זעלבער
מער ליניע דערשאָסן.

# צו זאַוואָדישע טויערנ

## לידקע קאָטשעגאַראָווע

אַז איר וועט לייענענ די דערציילונג ביזנ סאָפ, וועט איר זיכ דערוויסנ, אַז לידקע קאָטשעגאַראָווע איז אינגאַנצנ אַלט צוועלפ יאָר.

— ווי זעט זי אויס? — ווי אַנ עמעסע ציג.

פונ גאָר פרי ביז שפעט באַנאַכט האַלט זי אינ איינ אַרומשפרינגענ. אירע פעסטע פאַרברוינטע פיסלעכ שטייענ קיינמאָל ניט אײַנ אַפ אײַנ אָרט.

— לידקע, ווו יאָגסטו? וואָס מאַכט דער זיידע?

— דער זיידע מאַכט גוט — ער עסט קאַשע מיט די הענט אונ ברויט מיט א לעפל, — ענטפערט לידקע מיט איינ אָטעמ, לאַכט זיכ הילכיק פאַנאַנדער פונ דער אייגענער כאָכמע אונ יאָגט ווײַטער.

## איר זיידע, דער אַלטער שאַכטיאָר

פונ זאַוואָד־שטעטעלע יענאַקיעוואַ ביז דער שאַכטע „יונגער קאָמונאַר" איז דרײַ וויאָרסט גאַנג. אַלע טאָג גייט לידקע פונ דער שאַכטע אינ שטעטל.

אָפט טרעפט, אַז גראָד דאַנ, ווענ לידקע דאַרפ גיינ אינ שול, שטייט אַפ דער ליניע א לאַנגער באַנ, דער אויסגעשמירטער מאַשיניסט רוקט אַרויס זײַנ שוואַרצ פּאָנעמ אינ זוניקנ דרויסנ אונ שרײַט:

— לידקע! לידקע! קריכ אַפנ פאַראָוויק, איכ וועל אונטערפירנ...

לידקע שפרינגט פלינק אַרופ אַפנ פאַראָוויק, זעצט זיכ אַוועק אינ א ווינקל אונ קוקט אַפנ ברענענדיקנ אויוונ.

אינעווייניק אינ פאַראָוויק איז ענג אונ ברודיק, פונ די ווענט אונ סטעליע רינענ שוואַרצע טראָפּנס וואַסער. ווענ דער פאַרשמירטער מאַשיניסט עפנט אויפ דאָס טירל פונ אויוונ אונ הייבט אָנ צו דרייענ די ברענענדיקע שטיינ־קוילנ, ווערט דאָס פּאָנעמ בײַ אימ העל באַלויכטנ אונ רויט, ווי א שטיק זונ וואָלט אַפ זײַנ שוואַרצ פּאָנעמ געפאַלנ אונ עס אונטערגעצונדנ. אינ פאַראָוויק ווערט ליכטיק אונ פריילעכ. דער מאַשיניסט פאַרמאַכט צוריק דאָס אייזערנע טירל, דרייט זיכ אויס צו לידקענ א שמייכלדיק פּאָנעמ אונ פרעגט:

— וואָס מאַכט דער זיידע?

— ער גייט אַלע טאָג צו דער שאַכטע.

— וואָס טוט ער דאָרט?

— גאָרנישט.

— איז נאָך וואָס גייט ער אהין?

— ער זאָגט, אז אַ מענטש אַרבעט אָפּ פופציק יאָר אונטער דער ערד אין א שאַכטע, איז שווער אויסצוקומען אָן איר... זי ציט, די שאַכטע, ווי מיט צוואַנגען...

— אָט אַ מעשוגענער...

— רייד ניט אזוי וועגן מײַן זיידן, — האט זיך לידקע אָנגעברויגעזט. — מײַן זיידע האט פופציק יאָר אָפּגעאַרבעט אין די שאַכטעס. ווען מע האט אים געמאַכט פאַר אַן אַרבעט־העלד און אוועקגעזעצט אף פענסיע, האָט ער געוויינט ווי א דרײַיאָריק קינד.

— פאַרוואָס האט ער געוויינט? — האט דער מאַשיניסט פאַרוווּנדערט געפרעגט.

— „איך וויל ניט ארומגיין ליידיק, — האט ער א גאַנצן אָוונט געטײַנעט. — איך האָב נאָך קויכעס און קאָן ארבעטן ניט ערגער פון אַ יונגן״... ווען ער האט אינדערפרי דערהערט, ווי ס׳הודען די קוימענס, איז ער, ווי אַלע טאָג, אופגעשטאַנען פון שלאָף, אפגיך איבערגעביטן און איז אוועק צו דער אַרבעט. אין דער שאַכטע אַראָפּלאָזן זיך האט ער שוין ניט געטאָרט, ווײַל ער איז אַן ארבעט־העלד און זיצט אף פענסיע... אַ גאַנצן טאָג איז ער דאָרט אָפּגעשטאַנען, בא דער שאַכטע, און אינאָוונט געקומען א טרויעריקער אהיים... מיינסט, ער וויל פאַרדינען מערער געלט? ניין... ער האט ליב באַקומען זײַן אַרבעט, אָט וואָס...

דער באַן האט זיך אָפּגעשטעלט. לידקע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פאַראָוויק און איז אוועק דורכן זאַוואָד־הויף אין שול.

## אפן זאַוואָד איז אַ דורכרײַס

דער זאַוואָד־הויף איז א מוירעדיק־גרויסער. באַנליניעס ציען זיך איבער די קעפ, אונטער די פיס, אונטער דר׳ערד, וואַגאָנעטקעס, אָנגעפילט מיט קוילן, אײַזן, קאָקס און אַרצ, פליִען ארום פון איין קאָרפּוס צום צווייטן.

די פענעמער בא די אַרבעטער זײַנען פאַרשוואַרצט פון רויך. את שטויב און נאָר די ווײַסלעך פון די אויגן און די ציינער פינקלען העל.

פירונצוואַנציק קוימענס האָבן די גאַנצע צײַט געשריִען, געהודעט, געפײַפט, געטריבן צום הימל קנוילן רויך, פאַרצויגן דעם הימל מיט שוואַרצע וואָלקנס.

די אַרבעטער האבן מיט לאַנג־פאַרדרייטע גאָפּלען געשלעפּט פון די אָנגעברענטע גרויסע אויוונס שטיקער צעגליטע אײַזן, וואָס רופן זיך „באַלוואַנ־

קעס", די באַלוואנקעס געוואָרפן אפ קליינע וועגעלעך און זיי געפירט צו דער וואַלצ־מאַשין.

לידקע האט ליב געהאט אריינרוקן איר בלאָנדן געשווירענעם קאָפּ אין די טומלדיקע קאָרפוסן, קוקן, ווי א זעכציקפודיקע צעגליטע באַלוואנקע גליטשט זיך עטלעכע מאָל דורך צווישן די שווערע, מעכטיקע וואַליקעס, ווערט פון יעדן מאָל אַלץ דינער, דינער, און צום סאָף לויפט שוין ארום צווישן די וואַליקעס גאָר א דינע אויסגעוואַלגערטע שטיק שטאָל.

אָבער נאָך מער האט לידקע ליב געהאט צו קוקן, ווי מע גיסט איבער פון די גרויסע ריזיקע קעסלען דעם צעגליטן שטאָל אין שמאָלע פורעמס, דאן ווערט דער גאַנצער הימל רויט און אָנגעצונדן, דער פליסיקער שטאָל פליסט אין די שמאָלע פורעמס ווי קלאָר, דורכזיכטיק וואַסער, צעשפריצט ארום א רעגן זילבערנע פונקען. דער צעגליטער שטאָל אין די פורעמס ווערט פארגליווערט און הארט, באקומט א בלאָען פארפרוירענעם אויסזען.

לידקע האט שוין אסאַך מאָל געזען, ווי ס'ווערן פון צעפלאָסענעם שטאָל געמאַכט אלערליי טיילן פון מאַשינעס, באַנ־רעלסן און עס וואונדערט איר ניט. אסאַך מער וואונדערט איר, וואָס די באקאנטע אַרבעטער רופן זי היינט ניט אָפּ, פרעגן זיך ניט נאָך אפן זיידן, וואַרפן זיך ניט דורך מיט אַ וויץ און ווערטל.

די עלטערע אַרבעטער קאָנען זייער גוט די בלאָנדע לידקע. זיי געדענקען, אז איר טאַטע, אַן אַרבעטער פון דעמזעלבן זאַוואָד, איז געהארגעט געוואָרן אַפן פוילישן פראָנט. די אַרבעטער זיינען היינט בעגאַנגען צו די זאַוואָדישע קאָרפוסן פארזאָרגטע און אָנגעכמורעטע. די אינזשענערן זיינען אומגעלאָפן איבער די צעכן אופגערעגטע און אינקאַעסדיקע, געשריען און געוועין שטאַרק פארזאָרגט.

לידקע האט גענומען זיך ארומקוקן, געוואָלט זיך דערוויסן, פארוואָס איז היינט אזוי אומעטיק און שווער אַפן זאַוואָד. לאַנג האט לידקע ניט געדאַרפט וואַרטן, זי האט אופגעהויבן איר בלאָנד קעפל און דערזען אפ אַלע ווענט, אין אלע ווינקלען בייזע אופשריפטן:

פאר פינף טעג האט אונדזער זאַוואָד ניט דערגעבן דעם לאַנד 1600 טאָן שטאָל!

אונדזער זאַוואָד איז אַ שאנדפלעק אפן קערפער פון דאָנבאַס!

אַ גרויסער דורכבראַך אַפן זאַוואָד!!!

דאָנבאַסער מעטאַליסטן, ליקווידירט דעם דורכבראַך!

# לידקע זוכט אַ מיטל...

לידקע איז געקומענ אינ שול זייער א פאַרטראַכטע און ערנסטע.

— לידקע, וואָס האָסטו אראָפּגעלאָזט דײַנ פאַריסנ שנעבעלע, ניטאָ וואָס צו פּיקנ?

אזוי האָט זי באַגעגנט מישקע ווערטלזאָגער, אַ פערצניאָריקער יאַט, וועמענ אַלע שילער האָבנ גערופנ „איבערגעוואַקסענער רעטעכ".

מישקע איז אינ אַלע גרופּעס געזעסנ צו צוויי יאָר און אַכוצ ווערטלעכ זאָגנ און שרײַבנ נאַרישע צעטלעכ אינ דער צײַט פונ די לעקציעס האָט ער גאָרנישט ניט געקאָנט.

לידקע האָט אַפּ אים בייז א קוק געטאָנ און קורצ דערקלערט:

— אַפּנ זאַוואָד איז אַ דורכרײַס!

— איז וואָס האָט עס צו אונדז?

— די שול דאַרפ זיכ ארײַנמישנ.

— קריכ ניט, ווו מע בעט דיכ ניט, וועסט קריגנ איבער די הענט.

— און דו־איבער דײַנ לאַנגנ צונג.

— 1600 טאָנ שטאָל האָט דער זאַוואָד ניט דערגעבנ.

ארומ לידקענ און מישקענ האָט זיכ צונויפגעקליבנ א גאַנצע גרופּע שילער און קאַלטבלוטיק זיכ צוגעהערט, ווי זיי ווערטלענ זיכ.

דערווײַל איז געקומענ דער לערער און אָנגעהויבנ דערציילנ, וויפל נײַע עלעקטרישע סטאַנציעס און זאַוואָדנ מע וועט אויסבויענ ביזנ סאָפּ פּינפיאָר.

אַפּ דער וואַנט איז געהאַנגענ א גרויסע מאַפּע, אַלערליי פּארביקע קײַלעכ און רעדעלעכ, ליניעס און צייכנס האָבנ באַוויזנ די ערטער פונ די נײַע עלעקטרישע סטאַנציעס און זאַוואָדנ. לידקע האָט מיט א קלאַפּנדיק האַרצ נאָכגעקוקט נאָכ דעמ לערערס האַנט. אַלצ געוואַרט, ער זאָל שוינ צוקומענ צו דאָנבאַס. איר האָט זיכ געדוכט, אז אָט־אָט וועט ער אָפּשטעלנ זײַנ האַנט נעבנ זייער שטעטל יענאַקיעוואָ און אָנהייבנ ריידנ וועגנ גרויסנ מעטאַלורגישנ זאַוואָד און וועגנ די פיל שאַכטעס, וואָס ליגנ ארומ. אָט דאָנ וועט זי אויפשטיינ פונ אָרט:

— לערער, אַפּנ זאַוואָד איז א גרויסער דורכרײַס. איכ האָב הײַנט אַלײנ געזענ פּלאַקאַטנ אַפּ די טויערנ און ווענט פונ זאַוואָד. 1600 טאָנ שטאָל האָט דער זאַוואָד ניט דערגעבנ. די שול דאַרפ עפּעס טאָנ...— וואָס מע דאַרפ טאָנ, האָט זי נאָכ גענוי ניט געוווּסט, און דערפאַר געוואַרט, אז דער לערער זאָל אָנהייבנ דער ערשטער ריידנ וועגנ דורכרײַטנ. אָבער דער לערער האָט זיכ גרינג אריבערגעגליטשט איבער דאָנבאַס און זיכ אָפּגעשטעלט נעבנ דניעפּער־בוי, געגומענ דערציילנ וועגנ די ריזיקע שוועלנ, וועגנ דער גרויסער קראַפט פונ דניעפּער־וואַסער, וואָס וועט באַלויכטנ און באַלעבנ א גאַנצע געגנט.

לידקע האָט שוינ מער ניט געהערט, וואָס דער לערער רעדט.

גאַנצע פּלענער זײַנען אומגעשפּרונגען בײַ איר אינ איר בלאָנדער קעפּל. די אויגנ אירע האָבנ פונ אויפרעגונג גענומענ פינקלענ אונ זײַנענ געוואָרנ גרע־סער. דאָס יונג פּנים — ערנסטער אונ עלטער. די געדאַנקענ אינ קאָפּ זײַנענ געשפּרונגענ פלינק, ווי אירע דאַרע פיסלעכ אינ פעלד.

— וואָס טוט מענ?

# אַ קינדער־פאַרזאַמלונג

די לעקציע האָט זיכ פאַרענדיקט.

לידקע האָט עס ניט באַמערקט. לידקע איז נאָכ אַלץ געזעסנ אונ געזוכט אַ מיטל, ווי צו קומענ צוהילפ דעם זאַוואָד. אינ אַ שאָ ארום איז לידקע מיטנ אַנפירער פונ די פּיאָנערישע רינגענ געזעסנ אינ אַ ווינקל צימער אונ אַלע מיטאַמאָל האָבנ הויכ און אופגערעגט גערעדט. נאָכ די צעפלאַמטע פּנימער, נאָכ די אָנגעצונדענע קינדערשע אייגעלעכ האָט מענ גלײַכ געקאָנט פאַרשטיינ, אַז זיי באַהאַנדלענ זייער אַ וויכטיקנ עניין.

הינטער די שול־פענצטער, גאָר דערבײַ האָט געאַרבעט דער גרויסער ריזי־קער זאַוואָד. דער הימל איז געווענ רויט אונ אָנגעצונדנ. דאָס פײַער — פונ די זאַוואָד־אויוונס האָט די גאַנצע צײַט געפירט אַ קריג מיט דער גרויסער וואַרע־מער זונ אונ ס'איז שווער געווענ צו פאַרשטיינ, פונ וואָס איז אַזוי רויט דער הימל — פונ דער זונ, צי פונ די זאַוואָד־פײַערנ.

די קינדערשע קולעס האָבנ זיכ צונויפגעמישט מיטנ הודענ פונ די פיר־אונצוואַנציק הויכע קוימענס, מיטנ פאַלנ פונעם אײַזנ, מיטנ געקלאַפּ אונ גע־פילדער פונ דער אָנגעשטרענגטער ארבעט.

לידקע איז די ערשטע ארויס פונ קרײַז כאַווירים אונ דערקלערט:

— אַנ אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג!

אינ טאָג־אָרדענונג:

דער דורכרײַס אַפנ זאַוואָד.

אונדזערע פאָרשלאָגנ...

צוויי הונדערט קינדערשע קעפּ, פיר הונדערט קינדערשע אויגנ. אַלע אויגנ זײַנענ געווענדט צום טיש, וו לידקע שטייט אַ בלייכע, אַנ אופגערעגטע אונ רעדט וועגנ דורכרײַס. כעוורע שמייכלענ, שושקענ זיכ אונ וואַרפנ זיכ דורכ מיט ווערטלעכ. אָבער וואָס לענגער לידקע רעדט, אַלץ שטילער, שטילער ווערט אינ גרויסנ זאַל. לידקעס ערנסט גיט זיכ איבער, ווי דורכ עלעקטרישע דראָטנ, צו די שילער, פאַרקריכט צו זיי אינ די הערצער. הערצער בײַ יונגע שילער הייבנ אָנ שטאַרק קלאַפּנ. אַלע זײַנענ זיי קינדער פונ אַרבעטער. אַלע־מענס טאַטעס אונ ברידער, שוועסטער אונ מאַמעס אַרבעטנ דאָכ אַפנ זאַוואָד. אינ וואָס וועלנ זיי טאָנ, אַז זיי וועלנ ענדיקנ די שול? — אויכ גיינ אַפנ זאַוואָד.

לידקע האט בעענדיקט רײדנ. קײנער פּאַטשט ניט אינ די דלאָניעס, קײנער שרײַט ניט הוראַ. אַלע פילנ, אַז אַפּנ זאַוואָד האָט געטראָפנ אַ גרויסע צאָרע: 1600 טאָנ שטאָל האָט דער זאַוואָד ניט דערגעבנ פאַר צענ טעג. די קינדער דערמאָנענ זיך די צײַט, ווענ דער הימל איז דאָ געווענ שוואַרצ אונ פאַררויכערט. די מאַשינעס זײַנענ געשטאַנענ פאַרגליווערט אונ טויט, אונ די הונגעריקע טאַטעס אונ ברידער האָבנ זיך אומגעשלעפּט מיטנ געצײַג אינ זעק איבער די דערפער צו פאַרדינענ אַ פּוד קאַרטאָפל אונ אַ לאַבנ ברויט.

אַ ווײַלע איז געווענ שטאַרק שטיל. אַלע האָבנ געוואַרט, אַז לידקע וועט נאָך וואָס זאָגנ, אָבער לידקע האט מער גאָרנישט ניט געזאָגט. זי איז געבליבנ זיצנ באַם טיש, די בלאָנדע האָר זײַנענ זיך צעפאַלנ אַפּ איר אויפגערויטלט מאָגער פּאָנעם, ווי בלאָנדע גלעקלעך, די אײגלעך האָבנ געברענט אונ אירע פלינקע הענטלעך האָבנ גיך־גיך עפּעס פאַרשריבנ אַפּ אַ שטיקל פּאַפּיר.

פונ ווינקל זאַל איז ארויס אַנדריושקע באָלאָטאָוו פונ דער פינפטער גרופּע. אַנדריושקע באָלאָטאָוו האָט פײַנט אַפּ אַ פאַרזאַמלונג אָדער אינ דער פּיאָנערנ־מאַכנע ארויסשפּרינגענ אונ גלאַט מאָלנ מיט דער צונג, ווי אַ פּאָפּוגײַ. דערפאַר האבנ אים אַלע גערופנ אַנדריושקע דער „שטומער״, ווײַל ער האָט ליב געהאט מער הערנ, ווי רײדנ. אָבער דעם צונעמעניש „שטומער״ האָט ער ניט פאַרדינט. אַז ס׳פלעגט זיך האנדלענ וועגנ וויכטיקע פּראָגעס פאַר דער שול, אָדער פּיאָנערנ־מאַכנע, פלעגט באָלאָטאָוו דער ערשטער נעמענ אַ וואָרט. דער טאַטע זײַנער האָט געאַרבעט באַ די קאָקס־אויוונס אונ איז אויך געווענ, ווי ער, אַ געזעצטער אונ באַטראַכטער. גערעדט ווייניק, נאָר צו דער זאַך.

— כאַווײרים, כאַווײרים, כאַווײרים...

— גענוג כאַווײרימענ, זאָג שוינ אַ וואָרט...

— איך וועל רײדנ, לאָזט מיר נאָר געפינענ אַנ אָנהײב.

אַנדריושקע איז אַ ווײַלע נאָך געשטאַנענ אַ שווײַגנדיקער באַם טיש אונ צום סאָפּ געפונענ דעם אָנהײב:

— איך וויל זאָגנ, אַז זײַנ אַ פּיאָנער איז זײער אַ גרינגע זאַך. מע טוט אָנ אַ רויט האַלדזטיכל אונ מע מאַרשירט איבער די גאַסנ. דאָס איז אָבער ווייניק. אָט באַ מישקענ איז דער ברודער אַ פוילער, גײט ניט ארויס גאַנצע טעג צו דער אַרבעט... יאָ, איך ווײס, מיר זײַנענ שכײנים... נו, וואָס האָט מישקע געטאָנ, אַז דער ברודער זאָל ניט זײַנ קײנ פוילער אונ גײנ אַלע טאָג אַפּנ זאַוואָד? — גאָרנישט... איז ער מאַקע ניט קײנ עמעסער פּיאָנער... אַנ עמעסער פּיאָנער האָט אים גערדאַרפט קלאָר דערקלערנ, אַז ער מאַכט אַ דורכפאַל אַפּנ זאַוואָד... אונ אָט האָט זיך מײַנ אײגענער טאַטע, — איך שעם זיי[illegible]ט צו דערצײלנ, ווײַל איך בינ אַ פּיאָנער אונ דאַרפ זאָגנ דעם עמעס, — מײַנ טאַטע האט זיך אָנגעשיקערט אונ ניט געוואָלט גײנ צו דער אַרבעט. האָב איך זיך מיט אים געקריגט אונ געזאַגט, אַז איך וועל אוועקגײנ פונדערהײם. ער האָט

טאַקע געשריִען, אַז איך בין אַ פּיזשיק און דאַרף אים קיין ווייע ניט זאָגן...
אָבער טער טרינקט ער ניט פון דאַן אָן... אָט דאָס איז מײַן פֿאָרשלאָג:
— אַלע קינדער פון שול דאַרפן ריידן מיט זייערע טאַטעס און ברידער, אַז עס זאָל ניט זײַן קיין דורכרײַס אַפן זאַוואָד.

## צו די זאַוואָדישע טויערן

דערנאָך האָבן זיך שוין גענומען שיטן פֿאָרשלאָגן, ווי שטיינער פון אַ באַרג, אָנגעפּלויגן איינער אַפן אַנדערן פון אַלע זײַטן, און אַלע מיטאַמאָל האָבן זיך דערטראַכט, ווי צו העלפן דעם זאַוואָד. ס'איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג. אַפן טיש איז שוין געלעגן אַ גאַנצער באַרג פֿאָרשלאָגן. לידקע איז פּלוצים אויפגעשטאַנען און פֿאָרגעלייגט:
— איר ווייסט וואָס, כעוורע? לאָמיר גיין מיט אַ דעמאָנסטראַציע צום זאַוואָד.
— מע וועט אונדז ניט דורכלאָזן.
— מע וועט דורכלאָזן.
— מע וועט דורכלאָזן. איך נעם אַפּ זיך. דער דירעקטער איז געווען דעם טאַטנס אַ כאַווער, ער קען מיך.
— הײַדאַ צום זאַוואָד!
— אַלע, מיר וועלן פּאַדערן...
— שאַט, שאַט... מע דאַרף לאָזונגען
— מע דאַרף פּלאַקאַטן מיט פֿאָדערונגען.
— גיט פֿאָרשלאָגן!
— איך האָב.
— זאָג!
— „טאַטעס און מאַמעס! מיר פֿאָדערן, איר זאָלט אַרבעטן גוט און ליקווידירן דעם דורכרײַס!"
— שרײַבט פּלאַקאַטן!

די צוויי הונדערט שילער זיינען זיך צעפאַלן אַפּ גרופּעס. יעדע גרופּע האָט ווי באַקומען גרויסע בויגנס פּאַפּיר, פאַרב, בלײַשטיפטן. גיך און אײַלנדיק זײַנען פאַרטיק געוואָרן פּלאַקאַטן און לאָזונגען. די פּאַפּירענע פּלאַקאַטן האָט מען אָנגעקלאַפּט אַפּ שטעקנס. פונעם לערער-צימער האָט מען אַרויסבאַקומען די שול-פאָן. די לערער האָבן זיך דערוווּסט,—זיינען זיי געקומען צו די שילער, געהאָלפן זיי פאַרענדיקן די לאָזונגען שרײַבן.

ס'איז שוין געווען פֿאַרנאַכט. אַ זומערדיקע זון איז אויסגעגאַנגען שטיל און פּאַמעלעך הינטער די זאַוואָד-קוימענס. אַן אָוונטיקע טונקלקייט האָט זיך שוין געשפּרייט אַפּ די שמאָלע שטילע געסלעך. אַ וואַרעם ווינטל האָט זיך אַרײַנגעגאַנגען פון די אָפענע ספּעפּעס, ווי אַ גאַנעוו דורכגעלאָפן איבערן שטעטל, זיך אַ שפּיל געטאָן מיט די פּאַפּירענע פּלאַקאַטן, געוואָלט זיי צע-

רייסן, קיין קויעכ ניט בעהאַט אונ צוריק אַנטלאָפּנ, פונוואַנעג ער איז געקומענ.

צוויי הונדערט קינדער האָבנ שטיל אונ ערנסט מאַרשירט צו די זאַוואָד־טויערנ. פאָרויס איז געגאַנגענע לידקע, געטראָגנ א גרויסנ פּלאַקאַט אונ געוויזנ דעם וועג. קיינער האָט ניט געזונגענ, קיינער האט ניט געשפּילט. זייער שטיל זיינענ זיי ארופ אַפנ זאַוואָד־הויפ אונ זיכ אָפּגעשטעלט בא די הויפּט־קאָרפּוסנ.

די ארבעטער פונ דער צווייטער וואַכטע זיינענ געגאנגענ א היים, דערזעג אזויפיל קינדער אויסגעשטעלט אינ גלייכע רייענ, זיינענ זיי פארוווּנדערט שטיינ געבליבנ אונ גענומענ לייענענ די פּלאַקאַטנ:

> טאַטעס אונ מאַמעס, מיר פאָדערנ, איר זאָלט
> ארבעטנ גוט!

> ברידער אונ שוועסטער, ליקווידירט דעם
> דורכרייס!

> מיר ווילנ ניט האָבנ קיינ טאַטעס פּוליאַקעס
> אונ שיקורים!

## דער דורכרייס איז ליקווידירט

די עלטערע ארבעטער האָבנ צווישנ די שילער דערזענ די אייגענע קינדער. א ווילע געשטאַנענ פארלאָרנ אונ פארשעמט, ביזוואַנענ דער אלטער באַלאַטאָוו איז ארופגעקראָכנ אפ אַנ איבערגעקערט קעסטל אונ גענומענ ריידנ:

— אָט וואָס, כאַוויירים! אמאָליקע יאָרנ, ווענ מיר האבנ געאַרבעט פאַר יצנעם, פאַר די פראַנצויזנ אונ בעלגיצעס, — ווייל איר דאַרפט וויסנ, אז פאַר דער רעוואָליוציע האָט דער זאַוואָד געהערט די פראנצויזישע קאַפּיטאַליסטנ. נו, זאָג איכ, אז פאַר אוזאַ זאַכ, וואָס פּיושיקעס קומענ לערנענ די אייגענע טאַטעס, וואָלט מענ אמאָל געדאַרפט זיי גוט אויסשמייסנ... אונ איצט, זאָג איכ, פארקערט, אז די כעוורע זיינענ גערעכט. ס׳איז טאַקע א גרויסע שאַנד,

[illegible] האָט א [illegible]
שטאָל איז [illegible] קיין מאַשינען, און אַז מאַשינען זיינען מיר אָרעמע [illegible] און
די כעוורע וועלן אַנטלויפן איבער אַלע בערג, ווייל זיי וועלן נישט ... אַז די קינ־
דער אונדזערע זיינען קלוגער פון אונדז, און דעם דורכמאַכן מוזן מיר ליקווי־
דירן, ווייל עס איז טאַקע אַ שאַנד פאַר די אייגענע קינדער. און דאָס, וואָס
זיי שרייבן, אַז מיר זאָלן ניט טרינקען, זיינען זיי ווידעראַמאָל גערעכט, ווייל
פון שיקערס קומען ארויס אַלע צאָרעס... איז אָט וואָס: לידקע, פיר דיינע
כעוורע צוריק אַוועק פון זאַוואָד, און איך זאָג דיר צו אין נאָמען פון אַלע
טאַטעס, אַז אין פינף טעג ארום וועט דער דורכמאַכן זיין ליקווידירט... איך
וועל אַליין קומען אין שול אייך אָפּגעבן אַ באַריכט... איינשטימיק?

די כעוורע זיינען פריילעכער געוואָרן, זיך דערפרייט, וואָס מע רעכנט
זיך מיט זיי ווי מיט גרויסע און ערנסטע בויער, ארומגערינגלט דעם אַלטן
באַלאָטאָוון און אַלע מיטאַמאָל געגומען אים הוידען אינדערלופטן. דערנאָך
האָבן גערעדט נאָך טאַטעס און אַלע האָבן צוגעזאָגט, אַז דעם דורכמאַכן וועט
מען ליקווידירן.

מיט הילכיקע פיאָנערישע לידער, מיט געלעכטער, פרייד און געזאַנג
זיינען די כעוורע צוריק אַוועק פון זאַוואָד, זיך צעשאָטן אין די אַרבעטער־
הײַזלעך. און נאָך לאַנג האָבן די טאַטעס גערעדט וועגן דעם אָנפּלי פון זייערע
קינדער.

אין צען טעג ארום איז דער אַלטער באַלאָטאָוו געקומען אין שול און
דערציילט די קינדער, אַז דער דורכמאַכן אין זאַוואָד איז שוין אינגאַנצן
ליקווידירט און מע האָט שוין אַפילו איבערגעיאָגט די נאַרטע.

געטראָפן האָט די געשיכטע אין שטעטל יענאַקיעוואָ אָפּן מעטאַלורגישן
זאַוואָד „ריקאָוו" אין דאָנבאַס.

# דאָס ערשטע מאָל אין שאַכטע

— כעווריע, אויב איר האָט היינט צײַט, וועלן מיר זיך מיט אײַך אַראָפּלאָזן אין דער שאַכטע „יונגער קאָמונאַר", אָבער איך מוז אײַך זאָגן אַפֿריִער, איך לאָז זיך אַראָפּ אין שאַכטע דאָס ערשטע מאָל. מיר קלאַפּט דאָס האַרץ, ווײַל מע האָט מיך שטאַרק אָנגעשראָקן.

— ווער האָט אײַך אָנגעשראָקן?

— אָט מאַכן א געקומענעם מענטשן שווער אַפּן האַרצן געפֿינען זיך באַלאָנים.

בײַ דער קאָנטאָר פֿון דער שאַכטע איז צו מיר צוגעגאַנגען עפּעס א גע-פֿעש מיט א רויט אָפּגעפֿאַרעט פּאָנעם און אַרײַנגעשטעלטע גאָלדענע ציין און גענומען מיך באַשיטן מיט ווערטער:

— איך זע נאָך אײַער בלייכער נאָז (פּונקט ווי א מענטש מוז האָבן ניט אנדערש, ווי א רויטע, בולבעוואַטע, אָפּגעבריטע נאָז, ווי בײַ אים), אַז איר ווילט זיך אַראָפּלאָזן אין קיִווער, איך מיין, אין שאַכטע. זאָלט איר ניט וואַגן דאס טאָן, איר הערט! איך זאָג אײַך, ווי אַן אייגענע מאַמע (ווער דאַרף אים האבן פֿאר א מאמען, אַז ער פֿארמאָגט א פֿול מויל מיט צונג און די הענט זיינען בײַ אים באוואָקסן מיט געדיכטע בינטלעך האָר, ווי בײַ אַ מאַלפּע). לאָזט זיך ניט אראָפּ אין שאַכטע — דאָרט איז פֿינצטער, נאַס, קאַלט, און דער קאָרב... דער קאָרב אליין וואַרפֿט אָן אַ שרעק.

— וואָסער קאָרב? וואָס פּלוידערט איר?

— איך פּלוידער?! — ווערט ער פֿריִער רויט, דערנאָך בלייך און הייבט אָן הויך שרײַען:

— איך בין דאָ שוין דרײַ כאַדאָשים. שוין דרײַ כאַדאָשים, ווי איך קום אלע טאָג צו דעם קאָרב, צו דער מאַשינע, מיט וועלכער די שאַכטיאָרן לאָזן זיך אראָפּ און הייבן זיך אויף פֿון דער שאַכטע... איר קאָנט עס באַנעמען מיט אײַער שטאָטישן מויעך — א מעהאַלעך פֿון א וויאָרסט אין א מינוט — זי — זי — זי — זי — זי — זי — זי — זי — זי.

— וואָס זיזיט איר, — רײַס איך איבער זײַן סײַפֿן דורך די גאָלדענע ציין.

— זי — זי — זי — דער קאָרב דערלאַנגט אַ זיז און, סטאָפּ, פֿאַרטיק — איר זײַט שוין דאָרט. בײַ אונדז אין שטעטל פֿלעגט יעכיעל דער פּורמאַן פֿאָרן א

ווערוכט שמעקט א האַלבע שאָ, איז מען געווען זיכער מיט לעבנ... און דאָ
שפעטערדיש דאָרט, אינעווייניק אינ שאַכטע. אָנ א שאַכטיאָרנ־לעמפל ווען מען
ריכשט, נאַכט. עמעסטע נאַכט.

— איר ווייס שוינ אַסאַך מאָל געווענ אינ שאַכטע?—רייס איך איבער־ווייג שרייענ.

ער שטעלט אָנ אָפ מיר אַ פּאָר קעלבערנע דערשראָקענע אויגנ און שטאַמלט:—ניינ... מע־מע דערציילט, אז דאָרט איז פינצטער... שוינ דרייַ כאָדאָשים, ווי איך האָב מוירע...

— מאָ האָט ווייטער מוירע...

זאָגט אלייג, כעווערע, האָב איך געדאַרפט ריידנ מיט אַזאַ פאַרכ און גאָב פאַטערנ אזויפיל צייַט אומזיסט?—ניינ. איר זייַט אינגאַנצנ גערעכט. מער שטעל איך זיך ניט אָפּ מיט זעַטיקע מענטשנ שמועסנ. איך גיי איצט גלייַך צום פאַרוואַלטער, נעם א דערלויבעניש און לאָז זיך אראָפּ אינ שאַכטע.

אז איר וועט אויסוואַקסנ, וועט אייַך עפּשער אויסקומענ צו אַרבעטנ אינ א שאַכטע—מוזט איר ווויסנ, אז אינ אייַערע אייגענע קליידער טאָר מענ זיך אהינ ניט אַראָפּלאָזנ. פאַרוואָס?—דער שטויב פונ די קוילנ פרעסט זיך אייַנ אינ אַלע שפּאלטנ, פאַרשוואַרצט דאָס העמד, פאַרקלייַבט זיך ביזנ לייַב. פונ שאַכטע קריכט מענ ארויס אַ פאַרשמירטער און שוואַרצער, ווי פונ א קוימענ.

איך זיצ אינ באָד־צימער און דריי די גראָבע לייַוונטענע אָנעטשעס ארומ די פיס. די שאַכטיאָרישע שטיוול זיינענ מוירעדיק גרויס, און די פיס זיינענ בא מיר דאַפקע קליינע. וואָס בינ איך שולדיק, אז זיי זיינענ ניט אויסגעוואַקסנ? דרייל איך אָנ איינ פּאָר אָנעטשעס, א צווייטע, א דריטע, און די שטיוול פאַלנ אַלצ אראָפּ פונ די פיס. אַפנ קאָפּ טוט מענ מיר אָנ א האַרטנ קאַפּעליוש, איך זאָל ניט צעקלאַפּנ דעם קאָפּ, ווענ איך וועל קריכנ אינ די שמאָלע שטיינערנע דורכגאַנגענ אונ לעכער, אַפנ לייַב—לייַוונטענע ברייטע הויזנ און א העמדל, אינ האַנט—א שאַכטיאָרנ־לעמפל.

איצט איז אַלצ פאַרטיק.

בא דעם קאָרב שטייענ אסאַך שאַכטיאָרנ מיט לעמפּעלעך אינ די הענט און וואַרטנ זייער ריי. איך שטעל זיך אויך אוועק. קיינער ווייסט ניט, אז איך בינ ניט קיינ שאַכטיאָר. אינ די נייַע קליידער מייַנע בינ איך איינער פונ זיי. איך מיש זיך צוזאַמענ מיטנ פריילעכנ שאַכטיאָרישנ עולעם. ס׳פליענ וויצלעך־באַמבעס, אָפּט פּלאַצט־אויפּ א געלעכטער, האקט זיך גלייַך אָפּ. דער קאָרב איז געקומענ, ער איז זייער א גרויסער. קימאַט א צווייגאָרנדיק שטיבל אינ א קליינ שטעטל. אָפּ איינ גאָרנ שטעלט מענ אוועק ליידיקע וועגעלעך. אַפנ צווייטנ גאָרנ לאָזט מענ אראַפּ עטלעכע מענטשנ.

איך באַווייַז זיך ניט ארומקוקנ. דאָס האַרצ קלאַפּט און דער אויער מייַנער וואַרט אָפּנ זי—זי—ז—ז,—ווענג וואָס דער נעפּעש מיט די גאָלדענע ציינ האָט

מיר אָנגעפֿערצײלט. נײן, זי װײזט נישט די מאַשין, זי רײַסט זיך פֿאָשטעט אָפּ פֿון אָרט און הײבט אָן זיך אַראָפּלאָזן אײנדערטיש. זי לאָזט זיך אַראָפּ מוידעדיק גיך,—אין פֿאַרלויף פֿון 45 סעקונדעס איבער פֿיר הונדערט מעטער. אָבער מיר דוכט זיך, אַז איך פֿאָר מיט א צוג אין א טונקעלן טונעל. פֿאַר די אויגן לויפֿן דורך נאַסע שטײנערנע װענט, פֿלאַסטן זאַמד, פֿלאַסטן קוילן און װידער גרויע שטײנערנע פֿלאַסטן. דער קאָרב בלײַבט שטײן אין שאַכטע.

איך גלויב נישט, אַז מיר זײַנען שוין געקומען. אויבן „אַפֿן בערג" האָט מען מיר אָנגעדערצײלט, אַז װען דער קאָרב שטעלט זיך מיטאַמאָל אָפּ נאָך אַזאַ געשװינד לויפֿן, מוז מען זיך צעקלאַפּן דעם קאָפּ... נײן, מיר האָבן זיך גאָרנישט נישט צעקלאַפּט. ס'האָט זיך געעפֿנט די טיר, און מיר זײַנען, װי פֿון א ליפֿט, אַרויס אין דער שאַכטע.

א בדײַטער, שטײנערנער אַרײַנגאַנג. ס'ברענען אַסאַך עלעקטרישע לעמפּלעך. דער דיל איז צעשניטן פֿון באַנליניעס. איבער די באַנליניעס לויפֿן אָן אויפֿהער עלעקטרישע װאַגאָנעטקעס. זײ ברענגען צו דעם קאָרב דעם אויסגעראָבענעם קויל, שיטן אים אויס און אײַלן צוריק אַװעק צו די ערטער, װוּ מע גראָבט אויס קוילן. מיר גײען פֿאַזע דער נאַסער שטײנערנער װאַנט. אַלע װײַלע הערט זיך א געשרײ פֿון װאַגאָנעטקע־פֿירער. דאַן טרעטן מיר אָפּ דעם װעג, געפֿינען אין די װענט טיפֿע אײַנגראָבונגען און װינקלען, באַהאַלטן זיך דאָרט אויס, און װען די װאַגאָנעטקעס פֿאָרן פֿאַרבײַ, שפּאַנען מיר װײַטער. מײַן באַגלײטער קוקט מיט פֿרײלעכע אויגן אָף די װאַגאָנעטקעס און דערקלערט:

— גאָר נישט לאַנג איז נאָך דאָ אין שאַכטע געװען זײער אַסאַך פֿערד. און, איר זעט, װוּ איצט שטײט די דינאַמע, איז געװען זײער שטאַל. פֿערציק פֿערד האָבן זיך דאָ געפֿונען, די פֿערד פֿלעגן פֿונדאַנען קײנמאָל נישט אַרויס. אײנמאָל אַראָפּגעלאָזן זיך, איז אָף אַלע מאָל. קײנמאָל אין לעבן פֿלעגט אונדזערס א פֿערד מער נישט זען דעם הימל, די זון, סײַדן ער פֿלעגט װערן קראַנק, דאַן פֿלעגט מען אים אויפֿהײבן „אַפֿן באַרג".

— פֿאַרװאָס?—פֿרעג איך פֿאַרװוּנדערט.

— װײַל אויב דאָס פֿערד װעט אָפּט זען דעם הימל, קאָן ער בלינד װערן. איצט איז דאָ ליכטיק. אומעטום עלעקטרישע לעמפּלעך, אָבער פֿריִער איז דאָ געװען א פֿינצטערניש, די אויגן אַרויסצונעמען. אַכוץ דעם, מוז אונדזערס א פֿערד זיך צוגעװוינען צו דער שאַכטע־פֿינצטערניש, ער זאָל אָנהײבן טראַכטן, אַז אַזוי מוז עס זײַן. אַניט װעט ער נישט װעלן אַרבעטן.

— געװען דאָ פֿאַר דער רעװאָליוציע אײנער א באַלעגוף, דער באַלעבאָס פֿון דער שאַכטע. האָט ער געהאַט א פּראָיעקט, אַז אַלע שאַכטיאָרן זאָלן א קײַלעכדיק לעבן זײַן אין דער שאַכטע, װי די פֿערד. אַזאַ פּלאַן האָט ער געהאַט. די שאַכטיאָרן זאָלן לעבן אונטער דר'ערד, די אַרבעטער פֿון די מעטאַל־זאַװאָדן זאָלן לעבן אָף דר'ערד, און די באַלעבאַטים זאָלן לעבן

איבער דער ערד, אין אזוינע גרויסע לופט־שיפן, אין עראָפּלאַנען. עפּשער איז עס א ליגן, נאָר אזוי האט מיר דערציילט אן אַלטער שאַכטיאָר. איך בין דאָ נאָך א נייַער. איינגעאַנצן זיבן יאָר, ווי איך ארבעט דאָ. דריַי יאָר בין איך געווען א פערד־אָנטרייַבער, איצט בין איך א טעכניק און וויים די שאַכטע, ווי די פינף פינגער מייַנע.

דער הויפּט־דורכגאנג, איבער וועלכן ס'לויפן די וואגאָנעטקעס און ס'גייען די שאַכטיאָרן, רופט זיך „סטרעק". ער איז זייער ברייט, טונקל און נאַס. פון דער סטעליע טריפן שווערע שמוציקע טראָפּנס, און פון די ווענט טראָגט א מאָדנע קעלט, פונקט ווי אפן דרויסן וואָלט איצט געווען ווינטער.

נאָר די ערשטע מינוטן באַמערקסטו די טונקלקייט און פייַכטקייט, אָבער וואָס וויַיטער דו גייסט, אַלץ זיכערער און היימישער ווערסטו. דיר הערט אוף צו שרעקן די טונקלקייט, דער געלאָפּ פון די וואַגאָנעטקעס, דער געשריי פון די פירער, דער געקלאַפּ פון די קוילן, וואָס שיטן זיך פון די אייבערשטע זייַטיקע גאַלערייעס. דו פארגעסט, אז דו געפינסט זיך פיר הונ־דערט מעטער אונטער דר'ערד, אז אויבן, אף דער שאַכטע איז איצט א זוניקער, וואַרעמער טאָג. דאָ, אין דער שאַכטע, אין די הויפּט־דורכגאנגען און ביז סאַמע פארוואָרפנסטן ווינקל, טראַכטן די שאַכטיאָרן וועגן איינס: געבן וואס מער קוילן די הונדערטער טויזנטער פאַבריקן און זאַוואָדן.

— איר ווילט קריכן צום קוילנהאַקער? ער ארבעט וויַיט. דער וועג צו אים איז פאַר א ניטגעוויינטן געפערלעך, מע דאַרף קריכן איבער אסאַך באַלקנס און אונטערשפּאַרונגען. איר האט ניט מוירע?

— ניין.

— דאַן הענגט אוף אייַער לעמפּל, אהער, אין העמד, אף דער ברוסט שפּיליעט עס אריַין, וויַיל אויך די הענט וועלן אייַך צונוץ קומען—צוהאַלטן זיך פאַר די באַלקנס, ווען מיר וועלן קריכן.

— נו, קומט, וואס שטייען מיר?

דער באגלייטער מייַנער לאַכט זיך פאנאַנדער:

— דאָס האָב איך אייַך געוואָלט אויספּרוּוון, צי איר זייַט ניט קיין פּאַכדן. פאַר הייַנט וועט קלעקן. פאר איין טאָג קאָן מען ניט באקוקן אזאַ גרויסע שאַכטע. מאָרגן וועלן מיר זיך א צווייט מאָל אראָפּלאָזן, אָט דאַן וועלן מיר באטראַכטן. איצט קומט צוריק צום קאָרב.

אראָפּלאָזן זיך א צווייט מאָל אין דער שאַכטע איז שוין געווען גאָר גרינג און פּאָשעט. הייַנט, ווי אלע טאָג, זיינען צו דער הויפּט־מאַשין געלאָפן אָנגעלאָדענע וואגאָנעטקעס קוילן; הייַנט, ווי אלע טאָג, איז אין שאַכטע גע־ווען זייער שטיל, קאַלט און פייַכטלעך. אויבן, מיט פירהונדערט מעטער העכער, האב איך פארגעסן אַ זוניקן וואַרעמען פרימאָרגן. דאָ אין דער טיף גייט עס קיינעם ניט אָן. דאָ ברענען באטאָג און באנאַכט עלעקטרישע פייַערן. און

מעג זײַנ אויבנ א רעגנ, מעג זײַנ אויבנ א גרויסע גלײַענדיקע זונ, אהער ווער זי סײַוויסײַ ניט דערלאַנגענ.

איכ פרעג בא מײַנ באגלייטער:

— אפ וואָס דאַרפ מענ האבנ די ציפערנ אַפנ שאַכטיאָרנ־לאָמפּ?

ער קוקט אפ מיר פארוווּנדערט, פונקט ווי מײַנ פראַגע וואָלט זײַנ זייער א נאַרישע.

— אַפּ וואָס?.. אָנ די ציפערנ וואָלט א שאַכטיאָר ניט וויסנ, ווענ צו וואַרפנ די ארבעט... דו האָסט געהערט וועגנ קאַטאַסטראָפעס אונ אופרײַסנ אינ שאַכטעס? איז אָט, ווענ אינ שאַכטע, דאָרט, ווו ס'ארבעט דער קוילנ־האַקער, קלײַבט זיכ אָנ זייער פיל אופרײַס־גאַז, הייבט זיכ אופ דאָס בלויע פלעמל אינ לאָמפּ ביז א געוויסער ציפער... קלאָר?

מיר איז ניט אלצ קלאָר, נאָר איכ שווײַג, ווײַל מײַנ באגלייטער האט פײַנט, אז מע פרעגט אימ אסאַכ פראַגעס:

— ווילסט וויסנ די שאַכטע, זײַ מויכל אונ טו אָנ א שאַכטיאָרנ־קאָסטיום אונ שטעל זיכ צו דער ארבעט. וועסט אָפּארבעטנ א פּאָר יאָר, וועסטו וויסנ די שאַכטע. איכ האב ניט האָלט קײַנ עקסקורסאנטנ, וואס קומענ אפ עטלעכע שאָ אונ דרייענ א קאָפּ.

ער איז געערעכט, איכ שווײַג. ער באמערקט מײַנ שווײַגנ אונ גיט צו:

— דאָס האט ניט צו דיר. דו ביסט ניט קײַנ עקסקורסאַנט, נאָר א שרײַבער.

— איכ ווייס, אז איכ בינ א שרײַבער—ענטפער איכ.

— א שרײַבער דאַרפ וויסנ, ווי ס'אַרבעטנ שאַכטיאָרנ אונטער דר'ערד, קעדיי ער זאָל קאָנענ דערציילנ דעמ גאנצנ לאַנד וועגנ אונדזער האָרעוואַניע, ווײַל אָנ קוילנ איז ניטאָ קיינ באוועגונג פונ די באַנענ, איז ניטאָ קײַנ מעטאַל. באָרנישט. מיט האָלצ וועסטו ווײַט ניט פארפאָרנ. פארשטאנענ? א שרײַבער דאַרפ עס אומבאדינגט וויסנ. אז ניט, איז ער קײַנ שרײַבער ניט. אונ אונדזערע שאַכטיאָרנ האָבנ אויכ ליב צו לייענענ, ווענ מע שרײַבט וועגנ זייער ארבעט. פארשטאַנענ? דו האסט ליב צו לייענענ א בריוו פונ דײַנ ברודער, שוועסטער, מאַמענ? יאָ. איז אָט, ווענ איכ נעמ א ביכל פונ שאַכטיאָרישנ לעבנ, איז פונקט אזוי, ווי איכ לייענ א בריוו פונ א נאָענטנ מענטשנ. פאר־שטאַנענ?

מײַנ באגלייטער איז נאָכ גאָר א יונגער. ער האט שטאַרק ליב די שאַכטע אונ גרייסט זיכ מיט די נײַע אײַנריכטונגענ אונ עלעקטריפיקאַציע. איכ באַמערק: די גרויע אויגנ זײַנע הייבנ אָנ צו פינקלענ אונ די הענט באוועגנ זיכ נערוועז, ווענ ער רעדט וועגנ דער שאַכטע, פונקט ווי ער וואָלט וועלנ כאַפנ א קירקע אונ אָנהייבנ האַקנ אינ מאַסיוו.

— וויפל פוד קוילנ גיט אײַער שאַכטע דער רעפּובליק?

— זייער אסאַכ. פאַרנ יאָר 29 30—32 מיליאָנ פוד.

— און וויפֿל האָט זי פֿריער געגעבן?
— זייער ווייניק. אָט באַרעכן אין פּראָצענטן, ווי מיר זײַנען אויסגעוואַקסן.

פֿאַרן יאָר 14/13 האָט זי געגעבן 14 מיליאָן פּוד.

פֿאַרן יאָר 19/18 האָט זי געגעבן 2 מיליאָן פּוד.

פֿאַרן יאָר 29/28 האָט זי געגעבן 24 מיליאָן פּוד.

פֿאַרן יאָר 30/29 האָט זי געגעבן 32 מיליאָן פּוד.

מײַן באַגלייטער הערט אויף צו רעכענען. מיר שטייען בײַ דער זײַטיקער עפֿענונג, וואָס פֿירט צום קוילנהאַקער.

פֿון אָנהייב איז דער וועג גרינג, אָבער וואָס ווײַטער מיר קריכן, אַלץ שמעלער, שמעלער ווערט די לאָך. איבער קאָפּ, אונטער די פֿיס, אין די זײַטן — אומעטום שטאַרצן גראָבע באַלקנס. די באַלקנס דינען פֿאַר אונטערשפּאַרונגען און בילדן צעדרייטע, הויקערדיקע טרעפּ. מיר קריכן אויף אַלע פֿיר. מיר היטן די קעפּ פֿאַר אַ פּלוצימדיקן קלאַפּ. פֿון די אייבערשטע גאַלערייעס שיט זיך פֿאַרבײַ אונדז אויסגעגראָבענער קויל. מיר בלײַבן שטיין בײַם קוילנהאַקער. איך זוך די קירקע, מיט וואָס ער האַקט אויס די קוילן פֿון פּלאַסט. אויף צענדליקער פּלאַקאַטן האָב איך געזען אַ ליגנדיקן שאַכטיאָר מיט אַן אַרויפֿפּאַריסענעם פּאָנעם און אויפֿגעהויבענער קירקע אין האַנט.

דער באַגלייטער לאַכט:

— וואָס, ניט געטראָפֿן? דו מיינסט, אַז מע אַרבעט דאָ נאָך מיט די שאַכטיאָרן־העקלעך. אַנו, מאַקסים, דערצייל אים, ווי מע באַקומט איצט אַרויס קוילן פֿון פּלאַסט.

מאַקסים רײַסט זיך אָפּ פֿון דער אַרבעט און הייבט אָן דערקלערן:

— צוואַנציק יאָר האָב איך געאַרבעט מיט אַ קירקע; געהאַקט אין פּלאַסט אַרײַן, אַז אַ שטויב איז געגאַנגען. איצט ווײַזט זיך אַרויס, אַז מײַן גאַנצע האָרעוואַניע דאַרף מען האָבן אויף צען טויזנט אומגליקן... דו זעסט די רערן? אויבן, אויף דער שאַכטע, שטייט אַ דינאַמאָ און טרײַבט דורך די רערן לופֿט. די עקבערקע האָט די באַשטייט פֿון צוויי טיילן: איינע אַ באַוועגלעכע מיט אַ שאַרפֿן שפּיץ. ווען איך דריק אָן דעם פֿינגער אויף דער עפֿענונג, האָט די לופֿט ניט וווּהין אַוועקגיין, דריקט זי, די שעלמע, אויף דעם באַוועגלעכן טייל פֿון דער עקבערקע, טרײַבט זי אַלץ טיפֿער, טיפֿער אין פּלאַסט. און דרײַ מאָל מער קוילן באַקום איך אַרויס מיט דער עקבערקע, איידער מיט דער קירקע. די ערשטע צײַט האָט געשראָקן איר הודזשען, און די הענט האָבן עטוואָס געציטערט. איצט האָב איך זיך צוגעוווינט...

איך קוק, ווי דער אַלטער שאַכטיאָר פֿירט געניט מיט דער מאַשין, טרײַבט זי אַלץ טיפֿער, טיפֿער אין האַרטן פּלאַסט קוילן. דער פּלאַסט יאָמערט, קרעכצט און צעפֿאַלט זיך אויף גרויסע גלאַנציקע שטיקער. דער אויסגעגראַבענער קויל פֿאַלט מיט ראַש און געקלאַפּ אַראָפּ, טראָגט זיך איבער באַלקנס, גרי־

בער און זײַטיקע װענט, בלײַבט ליגן באַם הויפּט־דורכגאַנג, דאָרט ליפערט מען אים אין די עלעקטרישע װאַגאָנעטקעס און מע פירט אים אָפּ צו דער הייב־מאַשין...

מיר קריכן צוריק. איך װיל נאָך בלײַבן אין שאַכטע. איך האָב נאָך אַזױ װייניק געזען. מײַן באַגלייטער פרעגט מיך:

— װען פאָרסטו אַװעק?

— הײַנט באַנאַכט.

— דאַן מוזן מיר גלײַך קריכן אַרויף, דו מוזט נאָך זײַן בײַ אונדז אין קאָנטאָר, ריידן מיטן דירעקטער. ער איז אַן אייגענער יאַט. יאָ, און דעם אַרבעטער־פּאַלאַץ דאַרפסטו אומבאַדינגט זען. אַזאַ פּאַלאַץ איז ניטאָ אין גאַנץ דאָנבאַס. מיר האָבן אים אַליין אויסגעבויט...

מיר זײַנען װידער אויף דער ערד. די שאַכטע גייט אונדז נאָך אין אַלע װינקלען און שפּאַלטן.

אויפן אייבערשטן גאָרן װאַשט מען די קוילן. אויף די באַנליניעס שטייען שוין אָנגעלאָדענע װאַגאָנעס און פירן אַװעק די קוילן אין די אַרומיקע זאַװאָדן.

איבער דער קאָנטאָר, איבערן פּאַרװאַלטער, איבער דער גאַנצער געגנט שטייט אַ געשריי פון צענדליקער טעלעפאָנען:

— גיט קוילן!

— גיט קוילן!

— גיט קוילן!

און די שאַכטע „יונגער קאָמונאַר" שטרענגט אָן אירע אַלע מוסקולן און װאַרפט אַרויס פון אירע טיפענישן צװייוּנדרײַסיק מיליאָן פוד קוילן אַ יאָר.

אײדער מיר װעלן אַרײַנגיין זיך באַקענען מיטן דירעקטער פון דער שאַכטע, דאַרפן מיר זיך פריִער אַרײַנכאַפּן אין באָד.

אין באָד װעלן מיר אויסטאָן די ברייטע לײַװנטענע הויזן און רעקל, אַראָפּװאַרפן פון זיך די שװערע שטיװאַליעס און פאַר אײנגאַנג שוין אָפּ־װאַשן דעם ברוד.

די שאַכטיאָרישע באָד הייצט מען דורך טאָג און דורך נאַכט — אַ קײַלעכ־דיקן מעסלעס. זייף און אַ האַנטעך גיט מען יעדן שאַכטיאָר.

דער קוילן־שטויב האָט אַ פּאַסקודנע טעװע, — זיך אײַנפרעסן אין די האָר, אין דער הויט און ניט װעלן אַרויסגיין; אָבער פאַר אַ פּאָר צענדליק הייסע שעפּעלעך װאַסער האָט אַפילו דער שאַכטיאָרישער שטויב מוירע און הייבט אָן פּאַמעלעך אַרויסגיין.

איצט טוען אָן די שאַכטיאָרן ריינע, שטובּיקע קליידער און אײַלן אַהיים, אָדער אין אַרבעטער־פּאַלאַץ, און איך גיי מיט מײַן באַגלייטער צום די־רעקטער.

פאַרן דירעקטער דאַרף מען ניט מוירע האבן. ער טראָגט ניט קיין גרויסע קייטעכדיקע ברילן און אף זײַן טיש ליגט ניט קיין געשוואָלענער לעדערנער פּאָרטפעל.

— ווער איז דער דירעקטער?—פרעג איך מײַן באַגלייטער.

— אָט דער, וואס שטייט אין מיט צווישן די שאַכטיאָרן און לאַכט.

— ער איז דאָך ענלעך אַף א שאַכטיאָר!

— אף וועמען דען זאָל ער זײַן ענלעך?—אַף טשעמבערלענען? מע רופט אים כאַווער פּעטרענקאָ. צוואַנציק פינף יאָר האט ער אָפּגעאַרבעט אין שאַכטע. אים איז געווען צוועלף יאָר, ווען ער איז אראָפּ אין שאַכטע. פריער איז ער געווען אַן אָנטרײַבער, שפּעטער—א קוילנהאקער, און איצט איז ער דער די־רעקטער פון שאַכטע.

אין דער צײַט, וואָס איך דערוויס זיך ווער דער דירעקטער איז, ווערט אין קאָנטאָר־צימער אַלץ שטילער. די צוויי שלאָגלער־בריגאַדעס, מיט וועלכע דער דירעקטער האט גערעדט און געלאַכט, זײַנען מיט געפילדער און ריידערײַ ארויס.

דער דירעקטער זעצט זיך א מידער אוועק. איצט קאָן מען באַמערקן, אז בא אים איז א דאַרער, ענערגישער פּאָנעם מיט שאַרפע קלוגע אויגן.

ער קוקט גלײַכגילטיק אף איינעם א נעפּעש, וואָס שטייט אין ווינקל און האט, קענטיק, מוירע זיך דערנעענטערן צום טיש.

באַם נעפּעש איז א צעקנייטשטער, ערדיק פּאָנעם, א רויטע פארשיקערטע נאָז און בלינדלעכע אויגן.

דער דירעקטער הייבט דער ערשטער אָן ריידן:

— נו, זאַכאַרקע, וואָס זאָל איך מיט דיר טאָן? נו, זאָג אליין, וואָס קאָן מען מיט דיר טאָן?

— דערלויב מיר אראָפּלאָזן זיך אין שאַכטע!

— ווי אזוי דיך שיקן אף ארבעט, אז דו האלסט אין איין שיקערן?

— ערשטנס, איז עס א ליגן, איך שיקער ניט. און, צווייטנס, טרינק איך אויסשליסלעך נאָך דער ארבעט. פּעטרענקאָ, דו ביסט דאָך אויך אַן אלטער שאַכטיאָר און דארפסט מיך מיטפילן... איך זאָג דיר צו מײַן ערן שאַכטיאָ־ריש וואָרט! איך וועל וואַרפן! אָט זיץ איך שוין צוויי אָוונטן אין קלוב און שפּיל אין דאָמינאָ. זייער א קלוגע שפּיל און, דערהויפּט, די צײַט פארגייט ניט־באַמערקט.

דער דירעקטער קוקט די גאַנצע צײַט אף אים אָ. ‏זטרענגט און רײַסט איבער זײַן גיך ריידן מיט א פראַגע:

— גוט, גוט, איך גלויב. אָבער וואס וועסטו זאָגן וועגן געשטאָרבענעם ווײַב?

זאַכאַרקע דערלאנגט אומבאהאָלפן א מאַך מיט דער האנט און פארוקט זיך א שווײַגנדיקער אין ווינקל.

מײַן באגלייטער רוקט זיך צו צום טיש, גיט דעם דירעקטער א האַנט, באקאנט אים מיט מיר און פרעגט פארטשיקאוועט:

— וואָס איז, בא זאכאַרקען איז געשטאָרבן דאס ווײַב?

דער דירעקטער דערשטיקט אין זיך א געלעכטער און הייבט אָן ערנסט דערציילן:

— מיט עטלעכע טעג צוריק קומט ער צו מיר צו לויפן א פארוויינטער און פאָדערט געלט אפּ אָנ אָרן און לעווײַע. דאָס ווײַב איז בא אים געשטאָרבן.. אז אָן אַלטן שאַכטיאָר טרעפט אזאַ אומגליק, מאַך איך ניט קײַן לאַנגע פארשלעפענישן און הייס אים ארויסגעבן 50 רובל... ווײַזט זיך ארויס, אז אַפּ מאָרגן טרעפט מען דאס געשטאָרבענע ווײַב זײַנס אין קאָאָפּעראטיוו... און ער האט די פופציק רובל פארשיקערט...

— אז וואָס בין איך שולדיק—שרײַט יענער פון ווינקל, און די קראַנקע אויגן הייבן אָן בא אים ברענען—אז זי איז א גאַנצן ווינטער געלעגן קראַנק און געשריִען:

— אָט שטאַרב איך! אָט שטאַרב איך!..

— אָבער זי איז דאָך ניט געשטאָרבן...

— דאָס איז ניט ריכטיק. זי איז שוין געווען אינגאַנצן טויט... פאַר צאָרעס, האב איך פון די פופציק רובל פארטרונקען בלויז 10 רובל און געקומען אהיים פראַווען די לעווײַע. איז זי פאר קאַעס לעבעדיק געוואָרן, אופגעשטאַנען פון בעט און אוועק איבערן גאַנצן שטעטל דערציילן, אז איך האב זי לעבעדיקערהייט באגראָבן... איצט לעבט זי שוין ניט מיר. זי האט מיך אוועקגעוואָרפן און אוועק לעבן אין צוזאַמענוווינונג.

— גענוג. מאָרגן גייסטו אין שאַכטע. איך גיב דיר צוויי וואָכן סטאזש. אויב פאר די צוויי וואָכן וועסטו זיך פירן ווי ס'פאסט פאר אַן אלטן שאַכטיאָר, בלײַבסטו אונדזערער א כאַווער, א ניט, קאָנסטו זיך נאָך הײַנט פארנעמען פון דאָנבאַס. מיר וועלן זיך מיט דיר ניט ביאַנטשען.

מיר זיינען ארויס פון קאָנטאַר.

איך האב געוואַרט, דער דירעקטער זאָל אָנהייבן ריידן וועגן די דערגרייכונגען פון דער שאַכטע, וועגן דעם אייגענעם שווערן לעבן.

איך בין שוין געוווינט דערצו: אלע מאָל, ווען איך קום אין א קליינ שטעטל, אין די אײַנוווינער דערוויסן זיך, אז איך בין א שרײַבער און דרוק זיך אין די צײַטונגען, קומען זיי מיר דערציילן וועגן זייער לעבן. נאָך הײַנט אינדערפרי איז צו מיר ארײַנגעקומען אין האָטעל־צימער א געל־באוואקסענער נעפעש, אופגעעפנט א מויל פארפוילטע ציינ און גענומען שרײַען:

— איר זאָלט גלײַך אָפּדרוקן אין צײַטונג, אז איך פּראָטעסטיר! וואָס הייסט איך בין א געוועזענער קולאַק? וואָס הייסט איך בין אנטלאָפן פון דאָרף? און ווו איז פופציק יאָר אייגענע האָרעוואַניע? צוויי פערד האב איך געהאט, צוויי בעהיימעס... א שיינע שטוב. עטלעכע איבעריקע דעסיאַטינ ערד.

ריכטיק! געהאט! ווער האט זיי געהייסן זיך פוילן... ווען זיי וואָלטן גע־ ארבעט, ווי איך, מיטן ביטערן שווייס־וואָלטן זיי אויך געהאט.

— די גאנצע ערד האט איר אליין באַארבעט? עפּעס גלויבט זיך ניט.

— און אז ניט אליין, וואָס, איך האב זיי פאר דער ארבעט ניט באַצאָלט? וואָס וואָלטן זיי געטאָן, ווען איך דינג זיי ניט אפ ארבעט?־געשוואָלן גע־ וואָרן פון הונגער. איך האב זיי א טויווע געטאָן.

— וואָס טוט איר דאָ אפ דאָנבאַס?

— איך ארבעט.

— פארוואָס זייַט איר אַנטלאָפן פון דאָרף?

איך בין ניט אַנטלאָפן. איר רעדט שוין פונקט ווי זיי... איך בין אוועקגעפאָרן פון דאָרף, ווייַל איך האב ניט געקענט צוזען, ווי מע באַראַ־ בעוועט א סערעדניאַק.

איר האָט פּאַפּירן?

די פּאַפּירן האט מען בא מיר ארויסגעגאַנוועט. דאַ זייַנען דאָך הײַלע גאַנאָווים.

— וואָס פאָדערט פון אייַך דער זאַוואָדישער קאָמיטעט?

— איך זאָל זיי ברענגען נייַע פּאַפּירן פון דאָרפראַט.

— דער זאַוואָד־קאָמיטעט איז בא אייַך זייער א ווייכער, אָדער, ווי מע רופט עס פּאָליטיש, אַן אָפּאָרטוניסטישער. און עפשער מוז מען דאָ שטאַרק האַבן ארבעט־הענט. איך ווייס ניט גענוי די לאַגע. אָבער איך וואָלט אזאַ קולאַק, ווי איר, ארעסטירט און אָפּגעשיקט מיטן קאָנוואָי צוריק אין דאָרף. זאָלן די באַטראַקעס און אָרעמע פּויערים, וועלכע איר האט געטאָן טויוועס, באַ־ שליסן וואָס מיט אייַך צו טאָן.

דער געל־באַוואַקסענער נעפּעש האט אפ מיר געקוקט פארוווּנדערט, דער־ נאָך האט ער גענומען נאָך העכער שרייַען:

— איר זייַט פונקט אזאַ גראַביטעל, ווי זיי אלע. אבי איך האב געמיינט, אז א שרייַבער...

איצט, גייענדיק מיטן דירעקטער פון שאַכטע, האָב איך אים דערציילט וועגן דער באגעגעניש. ער האט א ווײַלע געשוויגן, באַמערקט, ווי א גרויסע שאַכטיאָרן זייַנען אפ נייַע לייַכטע וועלאָסיפּעדן אוועקגעפארן אין ארבעטער־ פּאַלאַץ, און שטיל דערקלערט:

איר זעט די כעוורע אפ די וועלאָסיפּעדן. דאס זייַנען אונדזערע צו־ קונפטיקע שאַכטיאָרן. צען כעוורע שלאָגלער האבן באקומען א פּרעמיע. אַבער א העלפט פון דער שאַכטיאָרישער יוגנט האט זיך שוין פארשריבן און וואַרטן מיט אומגעדולד, ווען זיי וועלן פון זאַוואָד באַקומען די געקויפטע וועלאָסי־ פּעדן. זיי צאָלן רעגולער אויס דאָס געלט... דער קאָמיוג האט איצט צוגע־ שיקט די ערשטע גרופּע יונגע קאָמינאַרן. זיי געפינען זיך דערווייל אין ארבעטער־פּאַלאַץ. איר ראַפּט זיך מיט זיי דורכריידן. פארשטייט זיך, אז ניט

אלע וועלן בלייבן אין שאַכטע... אָבער די, וואס וועלן בלייבן—וועלן העלפן אויספורעמען דעם נייעם סאָוועטישן שאַכטיאָר.

— און זאכאַרקע וועט טאַקע אופהערן טרינקען?

— זאַכאַרקע איז אַן אַלטער שאַכטיאָר. ער איז דאָ אפ דאָנבאַס געבאָרן געוואָרן און אויסגעוואקסן. ער ווייסט די שאַכטע ווי זיינע פינף פינגער און האט איר ליב. מיר קאָנען זיך מיט אזוינע ארבעטער ניט וואַרפן. מע דאַרף אַנעמען אלע מיטלען אים פארהיטן. ס'איז ניט קיין קונץ שרייען: טרינק ניט! טרינק ניט! מע דאַרף טראַכטן ניט בלויז, אז אונדזער כאָוועטישער שאַכטיאָר זאָל גוט ארבעטן. מע דאַרף אויך טראַכטן, ער זאָל גוט רוען, גוט אויסנוצן זיין פרייע צייט. דער ארבעטער-פאַלאַץ דארף פאַרנעמען דאַס אָרט פון פריִער-דיקן שענק. דער ארבעטער-פאַלאַץ האט אונדז אָפגעקאָסט בא א מיליאָן און מיר גרייסן זיך מיט אים. אָבער מיר האבן נאָך ווייניק קולטורעלע שעפער-רישע קויכעס, וועלכע זאָלן קאָנען ארומכאַפן די אלע באַזערפענישן פון אונדזער שאַכטיאָר. נו, האָט א גוטע נאַכט. איך מוז איַיך פארלאָזן. איך האב נאָך היינט אסאַך ארבעט.

אפ דאָנבאַס איז ניטאָ קיין נאַכט. ס'איז ליכטיק. און מיינט איר פון דער לעוואָנע? ניין. עפשער העננט ווו די לעוואָנע, ווי א פארגעסענער לאַמטערן. מע זעט איר ניט. דאָ ברענט דער הימל אין פאַבריק-פײַערן. די קאָקס-אויוונס, די שמעלצ-אויוונס, די גרויסע מעטאלורגישע זאַוואָדן טרייבן צום דאָנבאַסער הימל זייער צעגליט פייער און ס'דאכט זיך, אז דאָרט אויבן, אפן הייכן אָנשטערנדיקן הימל ארבעטן אויך שלאַגבריגאַדעס דורך טאָג און נאַכט,—און דער אָפשיין פון צעגליטן שטאָל ווארפט עס אזאַ ליכטיקייט אפ דאָנבאַסער ערד.

א געקומענעם פון שטאָט, אָדער פון שטילן שטעטל, דוכט זיך די ערשטע צייט, אז גאַנץ דאָנבאַס איז אין פרייפעס, און אים ווונדערט, פארוואָס קיינער לעשט ניט. ערשט שפעטער, אין עטלעכע טעג ארום, ווערט מען געוווינט צו דער שטענדיקער ליכטיקייט.

דער ארבעטער-פאַלאַץ האט זיך ארײַנגעריסן אין דאָנבאַס, ווי א באַלשע-וויסטישער אופרוף.

צענדליקער יאָרן זיינען דאָ איבער דער שאַכטע געשטאַנען געהיקערטע ברודיקע שאַכטיאָרן-הײַזקעס און פינצטערע שענקען.

נאָך א טאָג שווערער ארבעט הונדערטער מעטער אונטער דער ערד, אין פײַכטע, פינצטערע „זאבויען", האט דער שאַכטיאָר געהאַט צוויי וועגן: אָדער אהיים אין ענגן ברודיקן הײַזל, אָדער אין פינצטערן פארייכערטן שענק.

און איצט שטייט דער ארבעטער-פאַלאַץ אזאַ מאַסיווער, גראַפּאַרטיקער, מיט אזויפיל ליכטיקע פענצטער, אז ס'דאַכט זיך, אז ער איז געמאַכט געוואָרן בלויז פון ווונדערלעך גלאָז.

אפן ערשטנ שטאָק געפינט זיך דער טעאַטער־זאַל, דער לייענ־זאַל, ספּאָרט־זאַל, אָפּרו־זאַל, ביבליאָטעק און עסצימער.

דאס ערשטע מאָל האב איך דאָ געזען, ווי אזוי מע וואַשט שמוציקע טעלער אָנ הענט, נאָר מיט א מאַשינ.

די טעלער ליגנ זיך רויִק אפ א באוועגלעכער לענטע, די לענטע ציט זיך אָנ אופהער פארבײַ שטראָמענ זודיקנ וואַסער און לייגנ זיך אויס ריינע אַפנ טיש. דערבײַ שטייט א קליינע דינאַמאָ־מאשינ און ארבעט אָנ איבעריקנ טומל. בא א צווייטער דינאַמאָ שטייט אנ ארבעטער אינ א גלאַנציקנ צעראַטענעמ פאַר־טעכ, רוקט אונטערנ שאַרפנ מעסער גרויסע לאבנס ברויט און מיט אנ אומ־געהערטער גיכקײַט ווערט דער ברויט צעשניטנ אינ דינע גלײַכע שטיקער.

די גרויסע עמאַלינע טעפ קאָכנ זיך מיט דער הילפ פונ עלעקטרישע פּלי־טעס (און איך האָב זיך דערמאָנט אונדזער היימישע שמוציקע קיכ מיטנ פינצ־טערנ אויווּנ און פארויכערטע טעפ, און נאָכ האב איך זיך דערמאנט א טשי־קאַווע מײַסע: בא מיר איז געווענ א פעטער א סטאָליער. מע האט אימ גע־רופנ שלוימע.

ער איז געווענ זייער א בייזער און ליב געהאט גלאַט אינדערוועלט אריינ שרײַענ אפ דער מומענ.

שאַבעס נאָכ וואַרעמעס פלעגט די מומע אָנהייבנ וואַשנ און ווישנ די שמוציקע טעלער. דער פעטער פלעגט זיך אוועקשטעלנ אפ איר געבויגענעמ קאָפּ און אָנהייבנ שרײַענ:

— אז בא דיר איז לעכערדיקע הענט, אז דו קאָנסט קיינ זאַכ ניט טאָנ. לײמענע הענט! אָט, אָט צעברעכסטו די טעלער! אָט, אָט פאַלנ זיי דאָכ אראָפּ פונ טיש!

די מומע פלעגט זיך דערשרעקנ און טאַקע אפדערעמעסנ ארויסוואַרפנ א טעלער פונ די הענט. דאַנ פלעגט זיך דער פעטער נאָכ מער אָנהייבנ בייזערנ:

— אהאָ! וואָס האב איך געזאָגט? איך האב דאָכ געזאָגט, אז בא דיר אינ לײמענע הענט...).

איצט, קוקנדיק ווי די געבליבענע ריינע טעלער באַוועגנ זיך ארומ וואסער־שטראָל, האב איך געטראַכט, אז מײַנ פעטער וואָלט ניט געווענ צופרידנ פונ דער נײַער טעכניק.

אפ וועמענ וואָלט ער געשריגנ אפ דער דינאַמאָ?..

[illegible]

[illegible]

[illegible]

נאָך, ווי די מײַסע זאָל ניט זײַן, דער פּאַרוואַלטער האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר זייער אַ ווילן מענטש. ער האָט מיך פֿריִער אַרײַנגעפֿירט אין געפּאַקטן טעאַטער, באַוויזן, ווי הונדערטער שאַכטיאָרן מיט זייערע ווײַבער און קינדער זיצן יאָנטעוודיקע אין פּאַרטער, אין די לאָזשעס, אַף דער האַליאָרקע און קוקן, ווי־פּונקט אַזוינע שאַכטיאָרן, זייערע אייגענע כאַווייִרים און קינדער שפּילן אַף דער בינע. דערנאָך בין איך אַוועק צו די צימערן, וווּ ס׳אַרבעטן די קרײַזן.

ס׳איז שוין שפּעט. דער באַגלייטער זאָגט, אַז דער לעצטער באַן גייט באַלד אָפּ אַף יענאַקיעווא, און איך מוז מאָרגן פֿאַרטאָג פֿאָרן קײַן כאַרקאָוו. און דאָך גיי איך אַרום, ווי אַ פֿאַהקישעפּטער, איבער די ליכטיקע, גראַמע צימערן, קוק אַף די ווענט באַהאַנגענע מיט בילדער פֿון די יונגע שאַכטיאָרישע אַרטיסטן, מאָלער, רעזשיסאָרן, שרײַבער, רעצענזענטן, מוזיקער, און ס׳כאַפּט מיר אַרום אַ שמאָלץ פֿון אונדזער נײַער פּראָלעטאַרישער קולטור.

יאָ, דאָ, אונטערן אָנגעצונדענעם דאָנבאַסער הימל, אין שכיינעס מיט די בערג קוילן, שטאָל, אײַזן — ווערן געבוירן ניט נאָר הויכע טעמפּן, שלאַג־ברי־גאַדעס, מאָגנע קוילן, נאָר עס שמעלצט זיך און פֿורעמט זיך אַ באַפֿרײַטער, שעפֿערישער, זינגעוודיקער סאָוועטישער שאַכטיאָר.

מער, כאַווייִרים, האָב איך אײַך ניט וואָס צו דערציילן. לאַנג איבערן אַרבעטער־פּאַלאַץ בין איך ניט אומגעגאַנגען, ווײַל איך האָב געײַלט צום באַן. ווען דער באַן האָט מיך שוין אָפּגעפֿירט ווײַט־ווײַט פֿון דער שאַכטע, האָב איך נאָך אַלץ געזען די גרויסע באַלויכטענע פֿענצטער פֿון אַרבעטער־פּאַלאַץ און זיך שטיל, אָן ווערטער געזעגנט:

— אַ גוטע נאַכט, ליכטיקער דאָנבאַס!

— אַ גוטע נאַכט!

מײַן באַגלייטער האָט זיך גאָר נאָענט צו מיר צוגערוקט, אַוועקגעלייגט זײַן פֿאַרהאַרטעוועטע האַנט אַף מײַן פּלייצע און זיכער געזאָגט:

— קומט צו פֿאָרן אַהער אין אַ יאָר אַרום! איר וועט דאָנבאַס ניט דערקענען, מיר בויען איבער דאָנבאַס. צוועלף אַרבעטער־פּאַלאַצן און פֿיר נײַע שטעט. דאָרט, וווּ איר זעט איצט סטעפּ און נידעריקע הילצערנע שאַכטיאָרנ־הײַזלעך, וועלן זיך געפֿינען גרויסע שטעט... עך, וועט דאָ ווערן ליכטיק!

# ווייטע כאַוויירים

1

ליגן צוויי לענדער אָפּגעצאַמט איינס פונעם אנדערן מיט אסאַך שטעט און דערפער, טײַכן און יאַמען, גרענעצן און שטערונגען.

פארמאָגן ביידע לענדער הויפּטשטעט:

בערלין.

כאַרקאָוו.

לעבן אין די ביידע הויפּטשטעט צוויי פּיאָנערן:

קאַרל שטיינבאַק.

וויקטאָר ראבצאָוו.

די צוויי פּיאָנערן זיינען די סאַמע נאָענטסטע כאַוויירים, זיי האבן זיך קיינמאָל גיט געזען.

דרײַ יאָר שוין, ווי זיי באַקומען איינער פון דעם אַנדערן בריוו. דרײַ יאָר שוין, ווי די בריוונטרעגער ברענגען צו טראָגן אסאַך לעבעדיקע שטורמישע גרוסן.

דאַכט זיך קאַרלען, אז ער לעבט אין כאַרקאָוו, אז ער האט שוין אסאַך מאָל געזען דעם גרויסן ריזיקן מויער פון די קאָמיטאַריאַטן און טרעסטן; מיט אייגענע פיס אומגעגאנגען אף די פרישע שפּאַלעס און ציגל פונעם טראַקטער־זאַוואָד; געגאַנגען מיט א מאַכנע פּיאָנערן באַגריסן אין אָפּערע־טעאַטער דעם באָלשעוויסטישן צוזאַמענפאָר.

אָפּט, ווען ס'ווערט אים שטאַרק שווער אין שול, אין שטוב, פארשפּארט ער זיך אין קינדער־צימער, באַקומט פון זײַן קעסטל דאס פּעקל בריוו און לייענט, לייענט. פון די בריוו ווייעט מיט אזוי פיל מוט, מיט אזויפיל לעבן און פרייד.

וואָס לענגער קאַרל לייענט, אלץ מער הייבט זיך אָן דאַכטן, אז זײַן יונגער אוקראַיִנישער כאַווער זיצט לעבן אים, טרייסט אים און גיט אים צו מוט פאָרזעצן דעם שווערן וועג פון א יונגן לענינעצ.

קאַרל שרײַבט אָפּטער, אָבער זײַנע בריוו דערציילן מער פון ארעסטן,